# הַמַטִיף

# דֶער רֶעדְנֶער

שֵׁיינֶע רַייכְזִינִיגֶע דְרָשׁוֹת פִיר פֶערְשִׁיעדֶענֶע צַייטִין אִין יָאהְר.

סֻכּוֹת, שַׁבָּת חוהמ"ס, שְׁמִינִי עֲצֶרֶת, שר"ח חֶשְׁוָן, חֲנֻכָּה, ר"ח אֲדָר, פּוּרִים, שַׁבָּת הַגָדוֹל, פֶּסַח, שַׁבָּת חוה"מ פֶּסַח, שָׁבוּעוֹת.

דְרָשׁוֹת וֶועלְכֶע פֶערְשַׁאפֶען דֶעם לֶעזֶער גְרוֹיס פֶערְגֶענִיגֶען, בִּילְדֶען אוֹיס זַיין תַאֲרַאקְטֶער אוּנ פֶערְפְלַאנְצֶען אִין אִיהְם גוּטֶע זִיטֶען.

פוּן בֶּערִימְטֶען רֶעדְנֶער (דרשן) גרשון פיעסטון (אין מאָהילוב דניעפּר).

מִיט צוּ גֶעגֶעבֶּענֶע אַנְמֶערְקוּנְגֶען (הערות) אוּנ אַבְּרִיעף פוּן בן־ציון אלפס מווילנא, מחבר מעשה אלפס.

פערלאַג אונד אייגענטהום פאָן ז. ש. שרעבערק בוכהאַנדלער אין ווילנא.

ווילנא

בדפוס יצחק יהודה ליב קאצינעלינבויגען.

שנת ע"תר לפ"ק

„ГАМАТИФЪ".

Проповѣдникъ, т. е. Рѣчи г. ПѢСТУНА.

ВИЛЬНА

Изд. и собственность книгопродавца З. Ш. Сребрека.

1910

# אַבְּרִיעף פוּן מַעֲשֶׂה אַלְפָּס.

ליעבער אונד טרייער פאטער! דיא גוטע נאכריכט, אז דוא האסט גילאזט דרוקען אלע מיינע בריעף אונ זיי זיינען אנגינומען אין דער וועלט ביי אלע קלאססען מענשען (אז אין איינינע יאהר איז ארויס ערך 40 טויזינד עקזעמפ׳) האט מיר גרויס פערגעניגען פערשאפט. גוטע פריינד האבען מיר אויך ערצייהלט אדבר חידוש, וואס מיר איז נימאלס אויפין גידאנקען העריף, אז איינינע דרשנים מפורסמים זאגען ברבים גידאנקען פון מיינע בריעף אונ שעמען זיך ניט צו זאגען אפין, אז דאס איז פון „מעשה אלפס“ אונ וועהר רעט פון קליינע מטיפים, זיי האט דאס גאר גיעפינט דיא אויגען, דען לבד וואס זיי געפינען דא פיל שטאף צו פערשיעדענע ענינים, האט דאס זיי אויס גילערינט פשוט ריידען, וואס צו ליעב דעם (ד. ה. לערנען זיך ריידען צחות אין זארגאן) פלעגין איינינע מטיפים נעבעך גיין קלייבין לקט אין פרעמדע פעלדער *) (זארגאנישע ראמאנען). דיזע לעצטע נאכריכט האט מיר גיפאסט מוטה זיך צו שטארקען געגען אלע שוועריקייטען, וועלכע זיינען מיר פארגיקומען אין מיין רייזע, וואס צו ליב דיא אורזאך האב איך דיר זא לאנג ניט געשריבען, אונ מיט דעם עזויגענס הילפע הייב איך אן אויף דאס ניי צו שרייבען.

בעזוכינדיג דעם אידישען קווארטיל (אין שטאט פ.) צום ציעל, פיליכט וועל איך געפינען, וואס נוצליך זיין מיינע ברידער, לעז איך אויפין שול הייף אהודעה מיט דעם נוסח: „ליעבע ברידער, גייט צו הויז! הערט דיא אידעלע ווערטער פון בערימטען דרשן (פב״פ) וואס וועט דרשינען שבת“. – וואס הייסט דאס „גייט צו הויז“? פרעג איך, דאכט זיך דער מגיד וועט זאגין אין שול, דארף דאך זיין גישריבען „ברידער קומט אין שול“. – וואס וואונדערט איר זיך אזוי? (ענטפערט מיר איין אנשטאנדינער מענש), „דער וועלט בערימטער רעדנער (דוד המלך) האט אויך אזעלכע הודעות געשריבען „לכו בנים שמעו לי

---

*) נגד מחז״ל ת״ח אסור לעמוד במבואות המטונפות (ברכות כ״ד): ומה נעים מליצת רבותינו ז״ל (במדרש רות רכ:) „אל תלכי ללקוט בשדה אחר“, על שם „לא יהי׳ לך אלהים אחרים על פני“, כי לבד הנבול פה (הנמצא בבלעטגען) הקיאו שם מחבליהם כל רוחם בדברי מינות לחלל כל קודש, „וגם לא תעבורי מזה“, על שם „זה אלי ואנוהו“, ודרשו ע״ז התנאה לפניו במצות כו׳ „בקולמוס נאה“, שהדגש צחות והלשון, שהוא קולמוס הלב, צריך שיוקח מבקור מים חיים, וד״ל.

לִי״ גֵייט קִינְדֶער צוּ הוֹיז, הָארְכְט מַיין רֶעדֶע (יראת ה׳ אלמדכם) אִיךְ וֶועל אַייךְ לֶערְנֶען גָאטֶעס פָארְכְטִיגְקַייט. — יַא יַא, אַייעֶר אַנְטְוָוארְט אִיז זֵייעֶר גוּט (ענטפער איך איהם) אָבֶּער דָאס אִיז וִויא מֶען זָאגְט: „גֶעשְׁטִילְט דֶעם דוּרְשְׁט מִיט זַאלְץ-וַואסֶער", עֶרְשְׁט אִיז מַיין פְרַאגֶע גְרֶעסֶער, אוֹיף דָוִד הַמֶלֶךְ אוֹיךְ, עֶר הָאט אוֹיךְ בֶּעדַארְפְט שְׁרַייבְּן „בּוֹאוּ בָנִים" קוּמְט בְּרִידֶער „שִׁמְעוּ לִי״ הָארְכְט מִיר. — אוֹיף דִיא הַארְבֶּע פְרַאגֶע (ענטפערט מיר יענער) וֶועט אַייךְ דֶער גְרוֹיסֶער וָועלְט-לֶעהְרֶער (דאס איז דיא פראקטיקע) גֶעבִּין אַנְטְוָוארְט.

שַׁבָּת נָאךְ מִנְחָה, גֵייא אִיךְ פַארְבַּיי שׁוּל, אִיךְ זֶעהֶע אַגְרוֹיסֶער עוֹלָם (ק׳ ירבו) גֵייט פוּן שׁוּל אוּנ אֵיינֶער צוּם אַנְדֶערְן זָאגְט מִיט עֶנְטְצִיקוּנְג: אָה, הָאט עֶר גִיזָאגְט! עֶס אִיז גִיוֶועןְ צוּקֶער זִיס. — וָואס הָאט עֶר גִיזָאגְט? פְרֶעגֶען דִיא פַארְבַּייגֵייעֶנְדִיגֶע — עֶס אִיז גִיוֶועןְ אַחִיוֹת צוּ הֶערֶען (ענטפערט דער צווייטער). — פָארְט וָואס הָאט עֶר גִיזָאגְט? פְרֶעגְט אַדְרִיטֶער, — וֶוער קֶען דָאס גִידֵיינְקֶען (ענטפערט דער ערסטער), נוּר דִיא זִיסְקַייט לִיגְט מִיר אוֹיף דִיא לִיפֶּען. — זָאגְט מִיר אִיבֶּער עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער, פְרֶעג אִיךְ בַּיי אֵיינֶעם. — וָואס שְׁמַאקְעוֶועט אִיר זִיךְ אַזוֹי? עֶנְפֶערְט גָאר אַנַאיֶע צוּרָה, עֶס אִיז גָאר נִיט גִיוֶועןְ אַזַא הַא-טַא-טַא. בִּקִיצוּר אִיךְ בִּין נָאךְ גִינַאנְגֶען אַהִיבְּשֶׁע צַייט נָאכִין נַארָאד, אוּנ הָאבּ גִיהֶערְט וִויא דֶער שְׁמַאקְעוֶועט זִיךְ אוּנ דֶער זָאגְט הֶעט, הֶעט, אוּנ אַדְרִיטֶער פְרֶעגְט פוּן וַואנֶען אִיז עֶר דָאס דֶער מַגִיד? אוּנ דֶער פֶערְטֶער מִיט אַנַאיֶעם שְׁפְּרִיךְ וָוארְט, אוּנ וָואס פָארְט הָאט דֶער מַגִיד גִיזָאגְט? הֶער אִיךְ נִיט אֵיין וָוארְט דִיא גַאנְצֶע וֶועג.

אָה! טְרַאכְט אִיךְ בַּיי זִיךְ, וָואס פַאר אַפְּרַאקְטִיזִירְטֶער חָכָם, אוּנְזֶער קֶענִיג דָוִד אִיז דָאס גִיוֶועןְ, עֶר הָאט גִיוואוּסְט אַז שְׁרַייבִּין הוֹדָעוֹת „בּוֹאוּ בָנִים שִׁמְעוּ לִי״! דַארְף עֶר נִיט, וַוייל וִויא עֶר אִיז נוּר גִיקוּמֶען אִין אַשְׁטָאט אִיז שַׁיין גִיוֶועןְ גִיפַּאקְט דִיא שׁוּל, מֶען אִיז גִישְׁטַאנֶען אוֹיף דִיא קֶעפּ, הֶערֶען זַיינֶע קְלוּגֶע אוּנ וַוארִימֶע רֶעדֶעס (בִּשַׂרְתִּי צֶדֶק בְּקָהָל רָב), עֶר הָאט נִיט גִיזַאלֶעוֶועט זַיינֶע קְרֶעפְטִין, שְׁטֵיין אֵיינִיגֶע שְׁטוּנְדֶען אוֹיף דִיא פִיס אוּנ רֵיידִין פוּן טִיעפֶען הֶערְצֶען, פְלִיסֶען לִיכְטִיגֶע מוּסָר אוֹיף דָאס פָאלְק, אוֹיפְפְלַאהֶמֶען זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער לִיעבּ הָאבֶּען דֶעם בּוֹרֵא ב״ה אוּנ זַיין תּוֹרָה. עֶר הָאט גוּט גִיוואוּסְט, וָואס פַאר אַטֵייעֶרֶע זַאךְ דָאס אִיז, הֵיילִיגֶע וֶוערְטֶער וָועלְכֶע גֵייעֶן אַרוֹיס פוּן טִיעפֶען הֶערְצֶען, פֶעלִין גִימַאלְס זֵייעֶר צִיעל. זֵיי מוּנְטֶערִין אוֹיף דִיא הֵיילִיגֶע יוּדִישֶׁע גֶעפִיהְלִין. וָואס זַיינֶען פֶערְשְׁלֶעפֶּערְט דוּרְךְ דִיא מְרְדוֹת הַזְמַן, אוּנ בְּלָאזִין אוֹיף דִיא פוּנְקֶען פוּן אִידִישֶׁע הֶערְץ אַז עֶס וֶוערְט פוּנַאנְדֶער גֶעגְלִיהט לְשַׁלְהֶבֶת-יָהּ. — עֶר הָאט אָבֶּער דָאס

אִיךְ

אויך גיוואוסט, אַז דעם יצה"ר שמעקט ניט, אַזאַ קאַנקורענט, וועלכער קען פֿון איהם אָב־ציהען אַלע קונדין, ער האָט דאָך גיפֿײַערט אין זײַנע רעדעס „נצור לשונך מרע ושפתיך מדבר מרמה, סור מרע ועשה טוב", היט דײַן צונג פֿון שלעכטע רייד, אונ דײַנע ליפען־פֿון ריידען פֿאַלשקייט, גייך אויס פֿון שלעכטעס אונ טוה גוטעס. „בקש שלום ורדפהו", הײַנט ווער וועט שוין ריידין אַלשון הרע'לע, אַרכילות'ל, אַמסירה'לע. קען דאָך דער יצה"ר בלײַבין אָן אַשטאָך אַרבעט. נוא (טראכט דוד ביי זיך), וועט דען דער יצה"ר אַזוי גלײַכגילטיג זיצין אונ קוקען? ער וועט לאָזין זײַן קאַנקורענט (דעם יצ"ט) פֿאַרנעמען אַלע זײַנע קונדין? מהסתם (טראכט זיך דער יצה"ר) די אײניגע שעה, וואָס דער דרשן זאָגט אין שול, איז פֿאַר פֿאַלין, דאָ קען איך שוין ניט העלפֿען, אין שול איז דעם יצר טוב'ס פּלאַץ. אָבער אַרויס גייענדיג פֿון שול, אויף מײַן פּלאַץ, דאָ וועל איך זיי פֿאַר דרייען די קעפּ מיט אַנדערע גישפּרעכין. דער זאָל זאָגין אָה, וויא גוט ער האָט גיזאָגט—וואָס אונ ווען איז ניטאָ—אונ דער צווייטער וועט זאָגין העט, העט. דער דריטער וועט פֿרעגין פֿון וואַנען איז דער דרשן? אונ וויא באַלד מען האָט ניט איבער גיזאָגט איינער פֿאַר דעם אַנדערין דעם אינהאַלט פֿון די דרשה, וועט שוין ביז מאָרגין אויס וועבין אין גאַנצין, ווערין זיי ווײַטער מײַנע קונדין וויא פֿריער. דרום האָט דוד המע"ה זיך גיקליגט אונ גישריבען אין די הודעות „לכו בנים שמעו לי" איך בעט אײַך ליבע ברידער, איהר זאָלט ניט לאָזין די דרשה אין שול, נור נעמט איר מיט זיך אין וועג, גייענדיג פֿון שול צו הויז, (ודברת בם, ובלכתך בדרך) רעט איבער איינע מיט די אַנדערע, וואָס איך האָב יעצט גיזאָגט, זײַט מקיים ישמע חכם ויוסף לקח, אַמגיד קען אין איין דרשה ניט אויס ריידין אַלעס וואָס עס פֿאָדערט זיך צו ריידען, נור אַקלוגער פֿאַר שטייט פֿון איין וואָרט אויף צעהען. „קחו עמכם דברים" נעמט מיט זיך די רייד צו הויז. זאָגט דאָס איבער פֿאַר אײַערע פֿרויען אונ קינדער, פֿאַר אײַערע שכנים. איהר קומט אין אַגיזעלשאַפֿט, צום ב"ש אַווינטערדיגען שבת־צו־נאַכט. גיוואוינליך, ווײַל מען דאָך פֿאַרברײַנגען די צײַט. נוא וואָס טוט מען? גייט מען אַוויילע צום גרינעם טישעל, דאָ זעט מען זיך שיין ניט אַרום וויא דער אָווינד ווערט פֿאַרשוואונדין אונ עס איז נאָך רעכט ביז 3 אין דער נאַכט. אַז איהר וועט זיי אָבער איבער זאָגין מײַנעם אַוואָרט, וואָס איך זאָג אײַך יעצט „מי האיש החפץ חיים אוהב ימים", וואָס איז דאָס חפץ חיים, אוהב ימים? פֿרעגט זיי דעם רעטעניש, דאַכט זיך אין יעדער זאַך האָט דער פּרט

אחשיבות

אַחְשִׁיבוּת לְפִי עֶרְךְ, צבּ"ש אַהוּנְדֶערְטֶער בִּילֶעט אִיז אַכְּלָל (ער איז כולל 100 רובל)
אוּנ 1 רוּבּל אִיז אַפְּרַט,עֶר הָאט דִיא וֶוערְדֶע 1% פוּן כְּלָל. אוּנ אַזֵוי בַּיי אַלֶע
זַאכִין. הַיינְט וואוּ אִיז פַארְהַאנְדִין אַזַאךְ, וָואס דֶער כְּלָל אִיז נִיט אָב צוּ
שַׁאצִין זַיין וִוירְדֶע, אוּנ דֶער פְּרַט הָאט קֵיינֶע ווירְדֶע? דֶער אַנְטְוָוארְט
אִיז,דָאס אִיז דִיא צַייט, קֶען מֶען דֶען אָב שַׁאצִין דִי וֶוערְדֶע פוּן לֶעבִּין?
אַטָאג לֶעבֶּען קֶען מֶען פַאר מִילְיָאנֶען נִיט קְרִיגֶען, אוּנ דֶער פְּרַט, הַיינוּ
אֵיין אָבִינְד לֶעבִּין הָאט קֵיין ווירְדֶע, מֶען זוּכְט מִיטְלֶען וִויא דֶער אָוִוינְד
זָאל פֶערְשְׁוואוּנְדִין וֶוערִין, אוּנ דֶער בֶּעסְטֶער מִיטֶעל צוּ דֶעם אִיז אַקֶערְטֶעל,
עֶר נֶעמְט צוּ דֶעם אָוִוינְד וִויא מִיטִין הַאנְד, אַז מֶען וֶועט זִיךְ גָאר נִיט
אַרוּם. נוּא אִיז דָאךְ טַאקֶע אַקַשְׁיָא, פַאר וָואס זָאל דֶער פְּרַט נִיט הָאבִּין
זַיין ווירְדֶע לְפִי עֶרְךְ? דֶער תִּירוּץ אִיז אֵיינְפַאךְ, עֶס אִיז אַגְרוֹיסֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד
פוּן דֶעם, וָואס עֶסְט אוּנ טְרִינְקְט בִּכְדֵי עֶר זָאל לֶעבִּין, בִּיז דֶעם וָואס לֶעבְּט
בִּכְדֵי עֶר זָאל עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען. בַּיי דֶעם וָואס עֶסְט בִּכְדֵי עֶר זָאל לֶעבִּין,
אִיז דֶער לֶעבִּין בַּיי אִיהם דֶער עִיקָר, וַוייל מִיטִין לֶעבִּין קֶען מֶען זִיךְ
פַארְשַׁאפִין טַייעֶרֶע סְחוֹרָה צוּ דִי עֶווִיגְקַייט, בַּיי דֶעם אִיז אַשָּׁעָה אוֹיךְ טַייעֶר,
קֶען מֶען דֶען אָב שַׁאצִין דִיא ווירְדֶע פוּן אַשָּׁעָה? (יפה שעה אחת בתשובה ומעשים
טובים בעוה"ז מכל חיי העוה"ב). אַשְׁפַּאס אַזַא גָאלְדֶענֶער יָאהר מַארְק וִויא דִיזֶע
וֶועלְט אִיז. מֶען קֶען דָאךְ קוֹנֶה עוֹלָמוֹת זַיין, אַשָּׁעָה לֶערְנֶען תּוֹרָה לִשְׁמָהּ,
אַשָּׁעָה גוּטֶע מַעֲשִׂים, אִיז מִיט בְּרִילְיַאנְטִין נִיט אָב צוּ וֶועגִין. – אָבֶּער דֶער
וָואס מַאכְט וְחִילוּפֵיהֶן בְּגוּלָם, עֶר לֶעבְּט בִּכְדֵי עֶר זָאל עֶסִין. דֶער עִיקָר
אִיז בַּיי אִיהם עֶסִין אוּנ טְרִינְקֶען, הַיינְט אַז אָן גִיגֶעסִין אוּנ אָנְגִיטְרוּנְקֶען
אִיז עֶר, טוּא וָואס טוּט מֶען מִיט אַוִוינְטֶערְדִיגֶען שַׁבָּת-צוּ-נַאכְט? בְּלַייבְּט
טַאקֶע אַקַשְׁיָא. אַזַא קַשְׁיָא קֶען נוּר פַארֶענְטְפֶערִין דֶער גְרִינְגֶער טִישִׁיל. דְרוּם
זָאגְט דָוִד הַמֶּלֶךְ, בְּרִידֶער! וֶועט צוּ זַיין פוּן דִיא קְלוּגֶע פַּארְטִיע, וָואס עֶסִין
בִּכְדֵי זֵיי זָאלִין לֶעבִּין, וַוייל דֶער לֶעבִּין אִיז אַטַייעֶרֶע זַאךְ, אַז יָא אַזוֹי, אַז
בַּיי אַייךְ וֶועט זַיין דֶער „חֵפֶץ" (דער תכלית) דֶער לֶעבִּין „מִי הָאִישׁ הֶחָפֵץ חַיִּים"?
דַאן וֶועט זַיין „אוֹהֵב יָמִים" וֶועט אִיר אַטָאג, אֵיין אָבִינְד אוֹיךְ לִיב הָאבִּין
„לִרְאוֹת טוֹב" וַוייל אִין אִים קֶען מֶען אַיינְהַאנְדְלֶען טַייעֶרֶע סְחוֹרָה, וָואס נִיט
אָב צוּ שַׁאצִין. אַז אִיהר וֶועט מִיט נֶעמֶען מַיינֶע רֵייד מִיט זִיךְ צוּ הוֹיז
אוּנ וֶועט דָאס אִיבֶּער זָאגִין אַייעֶרֶע גֶעסְט,וָואס וֶועלִין קוּמֶען צוּ אַייךְ פַארְבְּרֵיינְגֶען
דַאן בִּין אִיךְ זִיכֶער, אַז אִיהר וֶועט פֶערְבְּרֵיינְגֶען אַייעֶר צַייט אִין אֵיידֶעלֶע
זַאכִין, יֶעדֶער אִין זַיין פַאךְ, וֶועגִין תּוֹרָה, וֶועגִין עֲבוֹדָה, וֶועגִין חֶסֶד.
וֶועגִין זִיךְ, וֶועגִין כְּלָל. עֶס אִיז דָא גִינוּג וָואס צוּ טָאן, וָואלְט נוּר אַזוֹי פִיל
צַייט.

צייט גיוועזען מיט גיפיהל. אָה! סור מרע ועשה טוב. איז זייער אקורצער זאץ, ער פאר נעמט אָבער אַגרויסין פּלאַץ. הכלל דיא פּראַקטישע ווייזט אונז, וויא קלוג דור המע"ה האט געשריבין זיינע הודעות. אונ דער קלוגער דרשן האט איהם גוט נאך גיטאָן.

גוט שבת אייך, מיין טייערע! הער איך אַזיסע בעקאַנטע שטימעלע הינטער מיר, איך קער זיך אָב, איך דער זעהע (צו מיין גרויסען פרייד) אַז שלמה'לע, פון וועלכען איך האָב דיר, ליבער פאטער, געשריבין אין 9 טען בריעף (ס"א ח"ה צד 72). — אַגוטער יאָהר אויף דיר מיין ליבעס קינד, פון וואַנען גייסטו יעצט? — איך גיי פון שול (ענטפערט שלמה'לע) איך האב גיהערט דעם דרשן. — דער צייל מיר אויך וואס האט ער גיזאָגט (פרעג איך איהם), דוא ביסט אַוואוילער יונג, איך ווייס אַז דוא האָרכסט גוט אַיין.

ער האט געפירט אַטייערין גידאַנקען (זאגט שלמה'לע) וועגין דיא מדה פון אמת, ער האט ערקלערט אַז דער מענש, וואס גיוואוינט זיך צו זאגין ליגען, ווערט ווייט פון אַלע ערהאבענע הייליגע געפיהלען. ער פאַרלירט זיין אייגענעם עהרען געפיהל. ער ווערט ווייט פון דער תורה, וואס זיא הייסט „תורת אמת". ער ווערט ווייט פון דעם בורא, וואס ער איז „אלהים אמת", קורץ דער פון ער האט קיין פנים אונ קיין ווערטה באיי קיינעם. יעדער אָרינטליכער מענש, סיי אידין סיי קריסטען האבין פיינט אַליגנער.

זיין הויפט דרשה איז בעשטאַנען, אין 2 זאַכען (זאגט ווייטער שלמה), ערשטינס האט ער פאר גישטעלט וויא גוט איז, אַז מען האַנדילט מיט אייגענעם קאפיטאל, אונ דאס צווייטע האט ער ערציילט אַז ער ווערט אַשותף מיט אַבערימטען רעדאקטער אין אַבלאַט צייטונג. — וואס געהערין אַזעלכע רייד צו אַדרשה אונ נאך שבת פאר סליחות? (פרעג איך שלמה'לען). — ערלויבט, ערלויבט (ענטפערט שלמה'לע), ער האט ערקלערט אַזוי: מיר זעהען גאנץ אָפטער אין דער וועלט פאסירט, אַז מענשין מיט אַקליינעם קאפיטאל האבין גימאַכט זייער גוט, זיי זיינען גיגאַנגען בהדרגה, פריער קליין גיהאַנדילט ווייניג גישווינדילט, ווייניג גידרייט דעם מוח אונ האבין גאנץ פיין פאַרדינט לעבענס-מיטעל אונ נאך אָב גילייגט ארובל אין טאש. נאכהער אַז דער בורא האט זייא מצליח גיוועזן האבין זיי פאַרגרעסערט זייער האַנדיל מיט נאך אַרטיקלען, ביז וואַנען זיי זיינען גיוואָרין בעזר הבורא גרויסע סוחרים אונ אַלעס מיט אייגענעם קאפיטאל. אָבער ווער עס האט קיין רובל אין טאש, אונ מוז אָנקומען צו אַשותף אַקאפיטאַליסט (וואס ווייס קיין נישפּס ניט) אונ דער אָנגעלטיגער מבין איז גיגייט צו האַנדלען מיט דיא

ארטיקלען וועלכע דעם רייכען גיפעליג איז, טרעפט פיל מאל, אז מען דרייט אגרויסע ראד, מען בלייבט אהן כח, אן אמוח אונ דער פריפיט איז זייער געמיין. — מיט דיא הנחה האט ער גימאכט אבעלאנס אין אונזערע גייסטליכע געשעפטין אונ האט געוויזין, אז דער שכל מיט דיא פראקטיקע שטימען ניט. היינו דער שכל ווייזט, אזוי וויא מען קען ניט ארויף גיין אויף דעם העכסטין שטאפיל, וואו מען זאל פריער ניט גיין אויף דעם נידעריגען, איז די ערשטע מדרגה (ד. ה. די גרינגסטע זאך) אין אידישקייט, האלטין דיא מויל, ניט ריידין קיין לשון הרע, רכילות, שקרים, נבול פה אונ דאס גלייכין. ווייל צו דעם דארף מען ווייניג הארעווען, נור זיין אשב ואל תעשה. — דער צווייטער שטאפיל איז. זיך אפ היטען ניט צו פאר גנעמען אפרעמדין רובל. — אונ גאר דער העכסטער שטאפיל איז, אז לבר ניט פאר גנעמען פרעמדע, זאל איך נאך געבין מיינע פארהארעוועטע יגיעס, דאס איז דיא שווערסטע זאך, — דיא פראקטיקע אבער ווייזט פאר קערט, אז בעלי צדקות, געבין נדבות רובל'ס, 10-רובל'דיגע, הונדערטער, איז דא פיל ביי אידין, ווען אויך דאס איז דיא שווערסטע. דיא גרינגערע פון דעם, היינו ניט פאר נעמען יענעמס רובל, איז שוין דא ווייניגער. וויא אונזערע חכמים ז"ל (וואס האבין גוט גיקענט דיא וועלט) זאגין: „רובם בגזל". דאס מעהרסטע טהייל מענשין פאלין דורך, אין ניט אראיעלין רובל, (אונ וויא דער מעשה אלפס שרייבט (אין ערסטען טהייל דיטע 56) אז פון גרוים ביז קליין, רייך אונ גימיין, מטיילי בפרדס.... ונושאי קוקארדעס, דארפין זיך אלע וואשין צום עסין אונ זאגין „שאו ידיכם קודש"), אונ גאר דיא גרינגסטע זאך, היינו זיין אב געהיט פון לשון הרע, רכילות, שקרים, לצנות, גיפינען מיר גאנץ ווייניג כמעט אחד בעיר (כמאמרז"ל וכולם באבק לה"ר). די אורזאך פון דעם (וואס די פראקטיקע שטימט ניט מיט'ן שכל) איז נור ווייל מיר האנדלען מיט פרעמדע קאפיטאל — דער גייסטליכער אייגענער קאפיטאל איז יראת שמים (יראת ה' היא אוצרו) דאס איז דער רוח ההיה באופני המעשים, ד. ה. דער גייסטליכער לאקאמאטיף מיט דיא היילינע פארע, וואס ציהט אלע אידעלע טהאטין, דער גייסטליכער לאקאמאטיף פעלט אונז, אונ אונזער פאזד (פון מעשים טובים) ווערט גאר גיצויגין דורך אפרעמדין לאקאמאטיף מיט דעם נאמען „כבוד", איז דיא מעשים וואס דיא וועלט גיט אונז איהר לאקאמאטיף „כבוד", דיא גייען שנעל אונ גוט, דרום גיפינען זיך ביי אונז פיל גרויסע מתנדבים, ווייל וויא איינער גיט אנדבה מאכט מען איהם גלייך „מי שברך" אין שוהל אונ מען שרייבט איהם גלייך אין דיא בלעטער, עס קלינגט מיט איהם

דיא

דיא וועלט, לייעדער אבער צו דיא צווייטע מדרגה, ד. ה. ניט פאר נעמען אפרעמדין רובל, גיט אונז דיא וועלט ניט איהר לאקאמאטיף. האבין מיר דען גיהערט אמאל אין אשול אזא נוסח מי שברך: מי שברך אבותינו אברהם יצחק ויעקב. הוא יברך את ר' פב"פ בעבור שלא גזל ושלא עשק את עמיתו. דעם פייף פון אזא לאקאמאטיף האבין מיר נימאלס גיהערט, דרום איז אזא זארט וואהלטהאט ביי אונז זייער ווייניג. נור ווייל צייטין זוייס, ניט דיא וועלט אויף אזא מין סחורה אויך אשלעפ צוג, ד. ה. עטוואס טראגט איהם דיא וועלט יא מיט, היינו, ווען ער איז אערליכער מאן, קריגט ער ... יט' דרום געפינען זיך נאך 40% וואס היטען זיך אויס פון פאלשקייט און גנבות. לייעדער אבער צו דעם ארטיקעל סחורה פון לשון הרע ורכילות, ליצנות, ביזוימט מען פון דער וועלט אפילו קיין טאווארנעם-צוג אויך ניט. ווער ... גט שרייבין אין דיא בלעטער און ריהמען יענעם און יענעם וואס ער איז ניט קיין ליץ, ניט קיין בעל לשה"ר, וועגין דעם איז אב גירעט. אין געגענטהייל דיא ליצים זיינען פיל מאל דיא ערסטע וואס קריגען אויבין אן אין דיא בלעטער, אפילו א מי שברך האבין מיר אויך קיין מאל ניט גיהערט אין אשול: מי שברך אבותינו אי"ו הוא יברך את ר' פב"פ בעבור שלא ישב במושב ליצים ובעבור שלא דבר לשון הרע ורכילות, און צו אקרעדיט מאכט דאס אויך ווייניג אויס, ער מעג חרוב מאכין דיא וועלט דורך זיין ביזע צונג, פון דעסט וועגין קריגט ער קרעדיט. דרום איז ווייניג דא, וועלכע דריקן אב געהיט פון לשה"ר, ווען אויך דאס איז דער ערסטער שטאפיל אין מעשים טובים. — דאס לערינט אונז דער בערימטער רעדנער (דוד המלך ע"ה) „לכו בנים שמעו לי, יראת ה' אלמדכם" איך וועל אייך לערנען צו האנדלען מיט אייגענעם קאפיטאל (מיט אביסעלע יראת שמים), דאן וועלען אייערע מסחרים גאר איין אנדער פנים האבין, שפרינגט ניט מיט איין מאל, גייט דרגות וייס, פריער „נצור לשונך מרע" היט אב דיין צונג פון באליידיגען דיין חבר „ושפתיך מדבר מרמה" און דיינע ליפין—פון צו ריידין שמייכלעריי און פאלשקייט, דאס איז זייער אגרינגער מסחור, מען דארף ווייניג צייט, ווייניג קרעפטין אריין לייגין אין דעם, און גראד טראגט דאס גרויס פריפיט, העכער 60% רווח. אשפאס אצוגימאכטע מויל, כשר און ריין פון לשון הרע ורכילות, שקרים, ליצנות, חניפה (כמש"כ הגר"א ז"ל בעלים לתרופת שכל רגע ורגע שאדם חוסם פיו (מלשה"ר כו') זוכה בשבילו לאור הגנוז שאין מלאך ובריה יכולים לשער), נאכהער וועסטו פארגרעסערין דיינע גישעפטין, איין קויפין נאך ארטיקלען „סור מרע" אויס ווייכען פון שלעכטעס, ניט פאר נעמען יענעמס ארובל און גאר שפעטער, וועסטו פירין גרויסע גישעפטין „ועשה טוב" געבין גרויסע

נדבות „בקש שלום ורדפהו" שטארען זיך מאכין ארדנונגען אין כלל זאכין •

אהה, טייערע ברידער ! וויא גליקליך מיר וואלטין גיוועזן, אז מיר וואלטין זיך ערווערבין פיל ווינציג אייגענע קאפיטאל (אוצר של יראת שמים), וואס פאר אפאצאט מיר וואלטין האבין ביי אונזערע שכנים • צווישען זיך רייענדיג ווער האט אונז אזוי שפל גימאכט, אונ אונזער כבוד ערנידערט צו דער ערד, אז ניט דיא לשה"ר ורכילות, מחלוקת ומסירות, וואס ביי אונז איז מער (גאר ניט דער ערך) וויא ביי אלע נאראדען •

נור ליבע ברידער, כל זמן מיר האבין זיך ניט ערווארבין קיין אייגינעם קפיטאל, קיין היליגע ווארימקייט פון יראת שמים, וואס זאל ציהען דעם פאיאזד פון אונזערע גייסטליכע סחורה, איז אונז נייטיג צוא זוכין שותפים זיי זאלין אונז העלפין מיט זייער קאפיטאל, צו דיא ארטיקלען וועלכע מיר קענען אליין ניט בעהויבין, היינו וויא עס איז ביי אונז נתרבה גיווארין פאלשקייט, פיינע מענשין וואס שטייען אין מזרח, האנדלען מיט סוריא (גיגנב'עטע סחורה) • אויך האבין זיך דיא אלטע גראבע עבירות איבער גיטאן אין נייא מאדישע מלבושים אונ טאנצין אנאיעם טאנץ, גנבה, גזלה ורציחה האט מען היינט משנה השם גיוועזן אונ מען רופט זיי : „באנקראט" , „גימאכט פלטה" (אונ נאך אזעלכע ליעבע הארצינע נעמען) אבער אויף פראסט מאמע לשון הייסט דאס „גנב", „גזלן" , „ראזבאיניק" , אונ ווער רעט וועגין לשה"ר , רכילות , נבול פה ולצנות , דיא שטייען אויבין אן אין שול אונ פירין אלעמען פארין נאז אונ מאכין חרוב אונזערע בתי מקדשים (מקדש מעט) • צו דיזין ציעל (היילן דיא גרויסע וואונדין פון אונזער פאלק) רעכין איך, וועררין אמיט גליד מיט א ארינטליכען רעדאקטער אונ וועל זאגין צו מיינע שרייבער : „גדלו לה' אתי ונרוממה שמו יחדיו", ד • ה • זיי זאלין מעלדין אין רעדאקציע דיא ארענטליכע מענשין, דיא אנשי אמת וועלכע געפינען זיך אין יעדער שטאט, וואס זייער גישעפט איז ראיעל, וואס זייער ווארט איז הייליג • מען זאל וויסין אז אויף זיי קען מען זיך אנטרויען , סיי אין קויפין סחורה, סיי אין פארקויפין , מאכין אהויכין מי שברך, וואס זאל זיך הערין אין דער גאנצער וועלט : מי שברך אבותינו הישרים והתמימים הוא יברך את ר' פב"פ בעבור שלא גנב ושלא רצח , ד• ה• אויף פראסט זארגאן, אז ער נעמט קרעדיט וייס ער אז מען דארף צאלין • — אז יענער גיט געלט — דארף מען איהם געבין ראיעלע סחורה • ואת ר' פב"פ בעבור שלא דבר לשה"ר, וואס ער הט קיינעם ניט בעליידיגט, וואס יענעמס כבוד איז ביי איהם טייער וויא זיין כבוד, אונ די גאנצע וועלט וועט ענטפערין אמן •

איך גלויב ווען עס וועט זיך סטרויען אזא ליענע, וועלין זיך גיפינען אסך פאסאזירען, ד• ה• עס וועלין נתרבה ווערין פיל ארענטליכע לייט

וואס

וָואס זֵייעֶר מַשָּׂא וּמַתָּן וֶועט זַיין בֶּאֱמוּנָה, וָוס דָאס אִיז זֵייעֶר טַייעֶר בַּיי דֶעם בּוֹרֵא (עיניך הלא לאמונה, ירמי׳ ה׳. אמונים נוצר ה׳, תהלים לא). עֶס וֶועט נִתְרַבָּה וֶוערִין פִּיל כָּשֵׁרֶה רֵיינֶע מַיילֶער, רֵיין פוּן לָשׁוֹן הָרָע (רכילות, מחלוקת, קללות, שבועות שקר, לצנות, נבול פה, חנופה, שקרים). מִיט אֵיין וָוארְט עֶס וֶועלִין וַואקְסִין צְוִוישֶׁען אוּנְז אַנְשֵׁי אֱמֶת שׂוֹנְאֵי בֶצַע. צוּם אָנְפַאנְג וֶועט אֲפִילוּ זַיין שֶׁלֹּא לִשְׁמָהּ, אָבֶּער מִיט דֶער צֵייט, אַז מִיר וֶועלִין נוּר טוֹעֵם זַיין דֶעם גִישְׁמַאק פוּן אֱמֶת (וואס איז נאך אזוי זיס ווי׳א אמת?), וֶועלִין מִיר קְרִיגֶען אַגְרוֹיסֶע לִיעבֶּע צוּ אִיהם אוּנ עֶס וֶועט זַיין רֵיין לִשְׁמָהּ. דַאן וֶועט אוּנְזֶער טֶעלֶעגְרַאפֶנֶער אַפַּארַאט *) אָן הֵייבִּין צוּא אַרְבַּייטֶען אִין הֵיילִיגֶען אַרְט. אוּנְזֶערֶע תְּפִילוֹת וֶועלִין גְלַייךְ אַרוֹיף גֵיין אוֹיבִּין אוּנ וִוירְקִין פִּיל גוּטֶעס אוֹיף אוּנְז. אוּנ אַז דֶער אֱמֶת וֶועט אָנְהֵייבִּין צוּ וַואקְסִין בַּיי אוּנְז אוּנ אַרוֹיס גֶעבִּין שְׁמֶעקֶענְדֶע בְּלוּמֶען (אמת מארץ תצמח) וֶועלִין מִיר עֶרְסְט פַארְשְׁטֵיין דִיא גִירֶעכְטִיגְקַייט פוּן דֶעם בּוֹרֵא׳ס הַנְהָגָה, אַז זִיא אִיז דוּרְךְ אוֹיס אֱמֶת אוּנ צֶדֶק (וצדק משמים נשקף) אוּנ דַאן וֶועלֶען מִיר גִיחַתְמֶעט וֶוערִין לִשְׁנַת גְאוּלָּה פוּן דֶעם וָואס חוֹתָמוֹ „אֱמֶת". אָמֵן.

וָואס זָאגְט אִיר, לִיבֶּע לֶעזֶער, וִויא דִיא וֶועלְט וֶוערְט קְלִיגֶער אוּנ קְלִיגֶער. אוּנְזֶער קְלוּגֶער דַרְשָׁן הָאט פוּן דָוִד הַמֶּלֶךְ׳ס רֵייד עֶרְפוּנְדֶען אַנַייעֶם נוּסַח הוֹדָעוֹת. הַיינְטִיגֶער יֵצֶר הָרָע אִיז אָבֶּער נָאךְ קְלִיגֶער, עֶר לָאזְט גָאר הַיינְטִיגֶע יוּנְגֶע לַייט נִיט אַרַיין שְׁמֶעקֶען אִין שׁוּל, עֶר צִיטֶערְט פַארִין פְּרַאקְטִישֶׁען פָּסוּק „שִׁמְעוּ וּתְחִי נַפְשְׁכֶם״ ד. ה. הָארְכְט בְּרִידֶער, קְלוּגֶע וַוארִימֶע רֵייד פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶען תַּנַ״ךְ, פוּן אוּנְזֶערֶע חַכְמֵי הַמִּדְרָשׁ! וֶועט אִיר בֶּעלֶעבִּין אַייעֶרֶע גֶעפִּיהְלֶען, — אַייעֶר פֶּערְשְׁמַאכְטֶע זֶעלֶע, וָואס אִיז צוּרֵייצְט פוּן דִיא עֶקִילְהַאפְטֶע גִישְׁפְּרֶעכִין, וֶועלְכֶע אִיר הֶערְט זִיךְ אָן אִין דִי פַאבְּרִיקֶען, אִין דִי דוּמֶע גִיזֶעלְשַׁאפְטִין ... אוּנ פִילֵייכְט בַּיין קוּמֶען יָמִים נוֹרָאִים אִין שׁוּל. וֶועט מֶען הֶערִין אֵיינִיגֶע וַוארִימֶע וֶוערְטֶער פוּן רַב הָעִיר אוּנ אִין מַאנְכֶע עֶרְטֶער פוּן אַיין אָרֶענְטְלִיכֶען רַב מִטַּעַם הַמֶּמְשָׁלָה, וֶועט אֶפְשַׁר אַגוּט וָוארְט, מַאכִין אַיין אָרְט, פַאר אַפוּנְק אֱמֶת, עֶס זָאל אַרַיין שַׁיינֶען אִין הַארְצִין, הָאט דֶער יצה״ר צוּ דֶעם אוֹיךְ גִיפוּנֶען אַמִיטֶל, מֶען זָאל יָמִים נוֹרָאִים דַאוְונֶען אִין אַחֲתוּנָה זַאל. דָא אִיז עֶר שׁוֹין זִיכֶער פוּן אַלֶעס. דֶער יצה״ר הָאט דָא נָאךְ אַקוּק, דֶער זַאל וֶועט אִיהם דֶער מאנען

*) דיא מויל אונזערע איז אגייסטליכער טעלעגראפנער אפאראט. וואס מיר ריידין דא ווערט״ אין דיא״ זעלבע סעקונדע אב גיטעלעגראפירט. אויפ׳ן הימל-אפאראט (דאס פערבלייבּ דארטין, מען ווייזט דאס דעם מענשין ליום הדין, ומגיד לאדם מה שיחו). דער מויל-וואונדערליכער-אפאראט פאדערט קיין טעלעגראפנעם דראט נים, וויא עס איז יעצט ערפונדין גיווארין אטעלעגראפנער אפאראט, וואס דארף קיין דראט נים.

מָאנֶען, וָואס עֶר הָאט דָא גֶעגֶעבְּן גִיטַאנְצְט מִיט יֶענֶע אוּנ יֶענֶע פְּרֵיילִין אוּנ מִיט וֶועמֶען עֶר רֶעכִינְט מָארְגִין צוּ טַאנְצִין. הַיינְט וואו אִיז שׁוין דִיא הֵיילִיגֶע גִיפִיהְלִין, וָואס דֶער יָמִים נוֹרָאִים בֶּעגַייסְטֶערְט יֶעדֶער אִידִין? מֶערְקְוִוירְדִיג זַיינֶען דִיא־ פְּלֶענֶער פוּן יצה״ר (הלואי וואלטין מיר זיך לערנען פון איהם קליגען זיך אזוי ווייט אין יראת שמים). מִיר וֶועלִין דַן זַיין לְכַף זְכוּת. וַוייל אָב שְׁטֵיין אִין שׁוּל אַפָּאר שָׁעָה. אִין אֵיינְגְשַׁאפְּט, הֶערִין אַמַגִּ״ה, אִיז פִּילַייכְט אַנְדֶערֶע צוּ שְׁוֶוער (הגם אין טעאטער אויפ'ן גאלערקע איז אמאל אמדעסערע איינגשאַפּט) (?!) הָאבִּין מִיר זִיךְ גִיקְלִיגְט צוּ שִׁיקִין אַ־רֶעדְנֶער״ יֶעדֶערִין אִין שְׁטוּב, גִיוָואהְנְלִיךְ אִין אַרוּהִיגֶע צַייט, בְּעֵת מֶען לִיגְט אָנְגִישְׁפַּארְט אויפְן זָאפֶע אָדֶער אויפְן בַּאלְקָאן אוּנ דֶער רֶעדְנֶער וֶועט וֶועלִין מִיט אִים אַוַוייליגֶעקֶע שְׁמוּעֶסִין וֶועט עֶר גִיוִויס אַיינְהָארְכִין.

אִיךְ הָאבּ מִיט אִיהם אָבּ גִירֶעט פָּארְאוֹיס, פִּילַייכְט וֶועט עֶר אָנְטְרֶעפִין אַזֶעלְכִין, וָואס רוּהִיג אוּנ זַאט וֶועט עֶר אויךְ נִיט וֶועלִין מִיט אִיהם פַארְבְּרֵיינְגֶען (אַקַשְׁיָא אוֹיף אַמַעֲשֶׂה!), עֶר קֶען אִים נָאךְ אַשְׁפַּיי טָאן אִין גִיזִיכְט אוּנ אַנְטְלֵייפִין בֶּעסֶער צוּם גְרִינֶעם טִישִׁיל, זָאל עֶר נִיט פֶערְלִירֶען דֶעם מוּטְה. עֶר דַארְף נִיט פֶערְגֶעסִין, אַז גְדוֹלִים וְטוֹבִים מִמֶנוּ הָאט דָאס אויךְ אַמָאל פַּאסִירְט, אוּנְזֶערֶע בֶּערִימְטֶע רֶעדְנֶער יְשַׁעְיָה אוּנ יִרְמְיָה הַנָבִיא הָאבִּין אויךְ גִיזָאגְט „פָּנַי לֹא הִסְתַּרְתִּי מִכְּלִימוֹת וָרוֹק״, פוּן דֶעסְט וֶועגִין זַיינֶען זֵייא נִיט נִתְפָּעֵל גִיוָוארִין. דִיא טִפְּשִׁים וָואס הָאבִּין זֵיי בֶּעלֵיידִיגְט זַיינֶען גִיבְּלִיבִּין טִפְּשִׁים אוּנ זֵיי זַיינֶען גִיבְּלִיבִּין אוֹיף עֶוִויג לִתְהִלָּה וּלְתִפְאֶרֶת בַּיי אַלֶע נַארָאדִין.

בַּיי מַיין עֶנְדִיגֶען דִי פָּארְעדֶע, רֶעבִּין אִיךְ צוּ דֶער מָאנֶען אַייךְ, לִיבֶּע לֶעזֶער, נָאךְ אַמָאל, אַז עֶס אִיז אַהוּב קָדוֹשׁ אוֹיף יֶעדֶער בַּעַל רַעְיוֹן, וָואס קֶען שְׁרַייבִּין אֵיידֶעלֶע רֶעלִיגְיָאזְנֶע גִידַאנְקֶען, עֶר זָאל שְׁרַייבִּין מַאֲמָרִים בְּדֶרֶךְ סִפּוּר אָדֶער רֶעדֶעס אוֹיף זַארְגָאן אוּנ מוֹצִיא לָאוֹר זַיין, אִב גַאטְעוֶוען דֶעם נַארָאד, מֶען זָאל נִיט פַארְפְלֵייצְט וֶוערִין אִין דֶעם מַבּוּל פוּן הֶפְקֵרוּת, וָואס שְׁטְרָאמְט אוֹיף אוּנְז בַּיי דִיא לֶעצְטֶע צַייט. דֶעם וָואס אִיז שְׁוֶוער אַלֵיין צוּ דְרוּקִין, זָאל עֶר זִיךְ וֶוענְדִין לְמַחְזִיקֵי הַדָת, אָדֶער צוּ מִיר, וֶועל אִיךְ אִיהם בעה״י מוֹצִיא לָאוֹר זַיין, אַזֵיי וִויא אִיךְ הָאבּ יֶעצְט מוֹצִיא לָאוֹר גִיוֶוען דֶעם „הַמֵטִיף״. אוּנ לְבַד וָואס אִיר וֶועט מְחַיֶה זַיין אַלְפֵי נְפָשׁוֹת מִיִשְׂרָאֵל וֶועט אִיר אויךְ רוֹאֶה בְּרָכָה זַיין פוּן אַייעֶרֶע אַרְבֵּייט. אוּנ אִיר רֶעדַאקְטָארִין פוּן זַארְגָאנִישֶׁע בְּלֶעטֶער, עֶרְבַּארִימְט זִיךְ אוֹיף אַייעֶרֶע אָרִימֶע בְּרִידֶער, נֶעמְט נִיט צוּ אִין אַייעֶרֶע בְּלֶעטֶער דִיא שְׁמַאטָאוֶוע אַרְטִיקְלֶען, וָואס קוּמֶען נוּר אוֹיס צוּ לֶעשִׁין דֶעם פוּנְק אֱמוּנָה וְאַהֲבַת הַתּוֹרָה. פִיל יוּנְגֶע מֶענְשִׁין גֵייעֶן נֶעבֶּעךְ אַרוּם מִיט אַמָאגֶען־פֶעהְלֶער פוּן אַייעֶרֶע טוּכְלֶע בְּלִינְצֶעס, וָואס אִיר הָאט זֵיי טְרַאקְטִירְט אִין אַייעֶרֶע שָׁבוּעוֹת בְּלֶעטֶער. מַאכְט נִיט פוּן אַייעֶר פְרַיינְד אַיוּדִין פַיינְד. פָאלְגְט אַמָאל אַקְלֶענֶערִין פוּן זִיךְ, אַייעֶר גוּטֶען – פְרַיינְד

בן־ציון אלפס.

ו׳ לסדר צדק צדק תרדוף, תרס״ג, ווילנא.

# המטיף

## הטפה ראשונה לראשון דסוכות התרנ"ו.

### דיא וועלט-סכה. — דיא אספה. - דיא אושפיזין.

אין דיעזען טאג האבען מיר געלעזען דיא הפטרה פונ'ם נביא זכריה, איינער פון די לעצטע 3 נביאים וואס זענען ביי אונז, פראפעטישע פאלק, געוועןו.

דיעזער נביא זאגט אונז אן: אז מיט דער צייט וועט א גראמאדנער קאנגרעסס פון פאלקער פיעל אין דער היילינער ירושלים זיין, צוא פייערטאגען דעם סכות, אויך דיא קאטאשטראפע דעם ניט קומענדענס היען.

און בכדי צו געבען אייך דא איין בעגריעף, אייך ערקלערען דעם אינהאלט פון דיעזע אספה, צו בענעהמען וואָרום איז פיר זיי בעשטימט נור דער פייערטאג סכות און ניט פסח שבועות? — אלזא געפין איך מיר יעצט צו דערמאהנען אייך דא איין זאך וועלכע איך מיט אייך צו זאממען ווייסען דיעזעס, נור דיא צייט, דיא צייט! זיא, איז דעריין שולדיג! זיא פערגעסט פון אונז מיט איהרע דאגות אלעס וואס מיר האבען צו געדענקען.

דענן זייט וויססען, אללע וואס זענען פערהאנדען מיט מיר דא יעצט! דאס מיר זענען אויך אמאהל א פאלק מיט אללע פאלקער צו גלייך געוועןו א פאלק און קאניגרייך, א פאלק מיט א מדינה א אייגען לאנד, א פאלק איין ארטיקעל, א פאלק מיט כח און מח, רעליגיע מיט פערשטאנד, א פאלק וואס האט געהאט האנד און הערץ, א פאלק וואס האט זיך געלאזען איין עוויגען נאמען אינ'ם עוויגען תנ"ך (ביבלי) וואס וועט זא וויא דיעזע היממעל און ערד שטעהןו און אללעס מיט זיין טאלענט, מיט זיינע פעהיגקייט אין אללעס.

נור מיר בעדארפען אבער אויך ניט פערגעסען, אז ניט ווי אלע לייטישע פאלקער זענען מיר יודישע פאלק. געוועןו, און זענען, פון אמאהל ביז יעצט מיט דעם נאמען „עם ממלכת כהנים, גוי קדוש" טיטולי'ט אונז גאטט אין זיין תורה; מיט דעם נאממען „עם-הספר" „ליטעראטורנע פאלק" רופט אונז אן דער ערבישער אלקאראן; און מיט דעם נאמען „גייסטליכע פאלק" „עם הרוח" רופט אונז די וועלט. דענן ווי א מאהל זא יעצט זיכערן מיר זיך ניט אויף גאלד, פערד, קארעטעס.

קאַרעטעס, קערפּער און מענשליכע מיטלען, נור אויף דעם מלך מלכי המלכים'ס היל͏פע און חסד, „הושע־נא! אנא ד' הצליחה נא! הצליחה נא!" די זענען אונזערע אינסטרומענטען, דיא זענען אונזערע מיטלען, מעהר נישט! — זא וויא אונזער דוד, וויא אונזער חזקיהו געגען גלית און סנחריב; וויא אונזער ארכיטעקט זרובבל פונ'ם 2־טען בית, וואס האט פונ'ם בונה ירושלים, פון גאטט זעלבסט, איין בעפעהל דורך זיין נביא זכריה בעקומען, וואס זאגט איהם אן אז: „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי!" דענן זאי וויססען, אז דיא אנטיסימיטען, דיא ישראל'ס געגנער וועסט דוא ניט מיט קארפערליכע מיטעלען שטיללען, נור מיט גייסט, מיט פאלקס־העלדען־מוטה, מיט תקוה און בטחון, מיט נאציאנאל־שטאלץ וועסט דוא זייא שטירצען, דענן נור דאס איז דער אסענס פון דיין פאלקס־קראפט פון עוויג ביז היינט! דאס איז דיין עקסטראקט וואס מאכט דיך פאר א פאלק אויף דער וועלט; וואס אזא מאטעריאל בעדארף קיינע לאנד, קיינע אימענגע האבען, וואו דוא ביסט ביסטו א פאלק! דו לעבסט נאך אויך היינט!

מעהר פון צוויא טויזענד צוויא הונדערט יאר ווערט אין דיזען סכות זינט אונזערע עלטערען וואס זענען פון גלות בבל אויפגעגאנגען, און דיזעס „עם־הספר" מיט זייער פארשטעהער „עזרא הסופר" האבען א חנוכת־הבית דעם 2־טען אין דיזע טאג געפראוועט מיט גרויס פאראד און שמחה, וואס ניט מיר קענען זיך אזוינס פארשטעלען, באופן וואס מיר בעדארפען ניט פערגעסען, אז זייא זענען דאך שוין אויך ניט זעלבסטשטענדיגע געוועזען, נור אונטערן שוטץ פון פערסיע געזעסען, און זייער בית איז געגין דעם ערשטען פיעל פיעל נידעריגער געוועזען, פרוידע־טרעהרען מיט קלאגע האבען זיך צוזאממענגעמישט, דיא אלטע מיט דעם יונגען דור וואס זענען דאמאלס געוועזען האבען איין גייסטליכען קאנטראסט געפיהרט, דיא אלטע וויינען אין זייער דענקען נאך דעם פראכט דעם ערשטען בית, און דאך האבען דיזע יונגע זיך משמח בחלקם געוועזען מיט זייער מצב, זייא האבען געהאפט אויף דער היל͏פע און שוטץ פונ'ם עוויגען, אז ער וועט אויף זייא זיין „סכת־שלום" פערשפרייטען, ער וועט דיא „סכת־דוד" ווייטער גרינדען און אונטער זיין „צל־סכה" זייא באדעקען און שיטצען.

אט מיט דיזען געדאנק האבען יענע עלטערען סכות געפראוועט, זא וויא עס שטעהט אין פסוק (נחמי' ח) „ויעשו כל הקהל השבים מן השבי סכות וישבו בסכות", געמאכט, און געזעסען! אבער וויא געזעסען? ניט נור מיט'ן קערפער, ניט נור זא וויא אונזער זיטצען! נייערט מיט „ראשם ורבב" בסכה,

מים

מִיט קָאפְּף אוּנ גַייסְט, מִיט עֶנֶערְגִיע אוּן גֶעפִיהְל, אַ סְכָּה אִין פַּשְׁטוּת אוּן אִין רֶמֶז, אַלְלֶעגָארִישׁ! —

מִיר וֶועלֶען נִיט לַייקֶענֶען פוּן אַייךְ בְּרִידֶער וָואס אִין סוֹף פָּסוּק שְׁטֶעהְט דָארְט אַז: „כִּי לֹא עָשׂוּ כֵּן מִימוֹת יְהוֹשֻׁעַ“, ד. ה.: אַזַא סְכָּה הָאבֶּען יוּדֶען שׁוֹין לַאנְג גֶעמַאכְט, פוּן יְהוֹשֻׁעַ בִּן נוּן אָן? נוּר מֵיינְט נִיט אַז דָאס אִיז פָּשׁוּט, אַז פוּן יְהוֹשֻׁעַ'ן אָן בִּיז עֶזְרָא'ן הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערֶען קֵיינֶע סְכּוֹת גֶעמַאכְט, גָאטְט בַּאוָואהְר! אוּנְזֶערֶע חַכְמֵי הַתַּלְמוּד (אין מסכת ערכין לב) עֶרְקְלֶערֶען דָאס אוֹיךְ אַלְלֶעגָארִישׁ, זֵייא זָאגֶען: ד. ה. זָא וִויא אִין דֶעם אָנְפַאנְג זֵייעֶר אָנְקוּמֶען אִין זֵייעֶר לַאנְד הָאבֶּען זֵייא דָאךְ אָרֶענְטְלִיךְ גֶעהִיט שְׁמִיטוֹת, יוֹבְלוֹת, מְקַדֵּשׁ גֶעוֶועזֶען דִיא קְרֶעפָּאסְטִין, גֶעגֶעבֶּען תְּרוּמוֹת, מַעַשְׂרוֹת אד״ג, אַזוֹיא ד״ג הָאבֶּען דִיעזֶעס גֶעהִיט דִיא אַלְלֶע וָואס מִיט עֶזְרָא'ן פוּן בָּבֶל זֶענֶען גֶעקוּמֶען, ד. ה. זֵייא הָאבֶּען דִיעזֶעס מְקַיֵּים גֶעוֶועזֶען אִין פְּשַׁט אוֹיךְ אִין רֶמֶז, זֵייא הָאבֶּען זֵייעֶרֶע אָרֶעמֶע גֶעשְׁטִיצְט, זֵייעֶרֶע גוּטֶע זִיטְטֶען זוֹיבֶּערֶע רֵיינֶע צוּרִיק פוּן בָּבֶל מִיט-גֶעבְּרַאכְט, אַבְרָהָם אָבִינוּ'ס דֶעם נָדִיבְ'ס אֵינִקְלֶעךְ זֶענֶען פוּן זֵייעֶר עֶלְטֶער-פָּאטֶער נִיט פֶערְפְרֶעמְדֶעט גֶעוָוארֶען, זָא וִויא עֶר הָאבֶּען זֵייא דֶעם גַאנְצֶען עֶרְד-קוּגֶעל צוּא דֶעם וֶועלְט-בַּעַל-הַבַּיִת גֶערֶעכֶענְט, „כִּי לִי הָאָרֶץ“ זַיינְס אִיז דִיא עֶרְד! וְהָאָרֶץ לֹא תִמָּכֵר לִצְמִיתוּת, כִּי גֵרִים וְתוֹשָׁבִים אַתֶּם עִמָּדִי (ויקרא כה), נִיט דוּ בִּיסְט אוֹיף דַיין גְרוּנְד אַהֶערר! דוּא מֶענְשׁ! לָאז זִיא רוּה שְׁמִיטָּה, זָאלִין עֶלֶענְדֶע אָרֶעמֶע גֶענִיסֶען פוּן אִיהְר! פֶערְקוֹיף זִיא נִיט אוֹיף עֶוִויג! דוּא, בֶּן-אָדָם! דוּא בִּיסְט אוֹיךְ אַ גֵר, אַ פְרֶעמְדְלִינְג בִּיסְטוּא בַּייא מִיר! מֶען לֶעבְּט נִיט עֶוִויג! ...

ד״ג זֵייעֶר פַאמִילְיֶע זוֹיבֶּער גֶעהַאלְטֶען. דִיא אַסְסִימִילַאטָארִין פוּן דִיא פְרֶעמְדֶע פְרוֹיעֶן אָבְּגֶעשֵׁיידֶעט, דִיא פָאלְקְס יִחוּס מְקַדֵּשׁ גֶעוֶועזֶען, אָט דָאס הֵייסְט אַ וַואנְט אַ חוֹמָה פִיר זֵייא גֶעמַאכְט. — דָאס זֶעלְבֶּע הָאבֶּען זֵייא מִיט תְּרוּמוֹת אוּנ מַעַשְׂרוֹת*) זֵייעֶרֶע פָאלְקְס-לֶעהְרֶער, דִיא גַייסְטְלִיכֶע כֹּהֲנִים גֶעשְׁטִיצְט. דָאס אִיז אַלְלֶעס בַּייא זֵייא גֶעשֶׁעהְן, דֶענְן זֵייא הָאבֶּען דִיא סְכָּה מִיט אַלְלֶעם פִּינְקְטְלִיכְקַייט גֶעהִיט, מִיט אִידֶעאַל אוּנ גַייסְט, מִיט קָאפְּף אוּנ הֶערְץ; זֵייא זֶענֶען אִין „צֵל סְכָּה“ פוּנֶ'ם „צֵל שַׁדַּי“ גֶעזֶעסֶען, זָא וִויא אִין דִיא גוּטֶע יָאהְרֶען אִין יְהוֹשֻׁעַ'ס צַייטֶען אַז דִיא לַאנְד אִיז זֵייעֶרֶע גֶעוֶועזֶען בֶּאֱמֶת. אָט זֶעלְבֶּע סְכָּה-לַייט הָאבֶּען כָּבוֹד גֶעגֶעבֶּען זֵייעֶרֶע עֶלְטֶערֶען דִי 3 אָבוֹת, דָוִד'ן, שְׁלֹמֹה'ן אד״ג, נִיט וִויא מִיר וָואס פֶערְלַאדֶען דִיעזֶע הֵיילִיגֶע גֶעסְט צוּא זִיךְ אִין סְכָּה נוּר מִיט דִיא „אוּשְׁפִּיזִין“ זָאגֶען, וָואס שְׁרַייעֶן: „עוּלוּ אוּשְׁפִּיזִין עִילָאִין, עוּלוּ!“ גֶעהְט אַרַיין, קוּמְט הִיר,
היילִיגע

*) לעז דורך דעם צווייטין בריף (אין מנשה אלפס ח״ג) וועסטו עס גוט פערשטיין.

הײליגע ערהאבענע גאסט, קומט! דענן וואס האבען זעלבע הײליגע נשמות וואס שיטצען זיך שוין לאנג אונטער „צל כנפי השכינה״? וואס בעדארפען זייא אונזער כבוד, אונזער סכה? פיעל מעהר כבוד וואלטין מיר זייא פערשאפט ווענן מיר וואלטען אין זייערע מדות געגאנגען, אונ ארעמע אויף יום-טוב סכות גענומען! דאן וואלט פיר זיי אונ פיר אונז א כבוד געוועזן!

אט דאס, איז אויך דער מיין פון אונזער נביא זכריה אין דער היינטי-גער הפטרה, וואס ער זאגט: אז נאך דעם טיראנישען כאראקטער, נאך דער אונגריינער אינטריגע וואס דיא אפריקאנישע ווילדע פעלקער וועלען אם ענדע אין גאטעס פאלק טרייען, – וועלען דיזע פעלקער ערשט גאטעס השגחה דערקענען, דען: „והי׳ ד׳ למלך על כל הארץ ביום ההוא יהיה ד׳ אחד ושמו אחד״! דיא קולטורע פון דיא קלארע זויבערע ציוויליזאציע וועט ערשיינען אויף דער וועלט... אין גאטעס וועלט-סכה וועט ליכטיג ווערען; זיין טיש וועט פיר אללע מענשען גלייך געגרייט זיין, ארעם אונ רייך וועלען פון זיין שפייזע געניסען גלייך, דיזע פיעל גאסט וועלען אין סכה אריין; אויבען-אן וועלען אונזערע אבות דיא אושפיזין זיטצען, זייא וועלען פון אללע קינדער נחת שעפען! אללע וועלען נטילת ידים ברויכען*), מיט ריינע הענט, מיט זויבערע הערצער, אונ משיח וועט אויפען כוס אם לעצט א ברכה מאכען, אונ מיר אללע וועלען נאך איהם זאגען: אמן!

---

# הטפה שניה לשבת חוה״מ סכות.

**דרייא ווירטין אין בית ישראל. – דרייא סעקטיען. – דיא חכמה אונד פולוואריק. – דער רעגען. – 100 יאהר פון ווילנא׳ר גאון׳ס פטירה, 19־טען תשרי תרנ״ח. –**

ברידער! אט ערשט האבען דא אונזערע אויערען געהערט איינע ווידער-הערלענדע שטימע פון אונזער שלמה המלך אין דער קריאה פונ׳ם קורא אין זיין ספר קהלת, ער זאגט (אין 7־טען קאפיטעל 11-12־טען פסוק): „חכמה איז גוט מיט א אימעניע צו האבען, אונ נאך מעהר צוא דיא זאנגעקוקער, דענן וואס חכמה דארט איז געלט, אונ א יתרון האט דער דעת, דענן דיא חכמה בעלעבט איהר הערן״.

על פי פשט באנעהמען מיר ניט דיזע קלוגע ווארטען, דען וואו געלט איז

---

*) לעז הורך דעם פרק „אמציאה פון אגנבי״ (אין מעשה אלפס חלק א) וועסטו גוט פערשטיין דעם גידאנקען.

איז ע"פ רוב גִיטָא־קיין חָכְמָה, אונ וואו זיא אִיז דָא אִיז דָארט־קיין גֶעלְט פֶערְהַאנְדֶען. אויך בֶּעלֶעבְּט דִיא חָכְמָה אונ־דַעַת, הַאבְּט אונְז, גָאר וֵויינִיג אִיהְרֶע חֲכָמִים?

וֶוער פון אַייך גֶעדֵיינְקְט דָאס מִיר הָאבֶּען אִינְ'ם עֶרְשְׁטֶען טָאג סְכּוֹת עֶרְקְלֶערְט דָא וֶועגֶען דֶעם דוֹר וָואס זֶענֶען מִיט עֶזְרָא הַסּוֹפֵר פון בָּבֶל אַוֶּועק אונ אִין אוּנְזֶער הֵיילִיג לַאנְד צורִיק גֶעקוּמֶען, אונ מִיט זִיךְ זֵייעֶר פָאלְקְס־שְׁטָאלְץ אונ רֶעלִיגְיָאנְסְקְרַאפְט פָאלְקָאם גֶעבְּרַאכְט, דִיא אַלְלִיגָארִישֶׁע סְכַּת־דָוִד אִין גַאנְצֶען אויפְגֶעשְׁטֶעלְט, זֵייעֶר טַהֲרַת־מִשְׁפָּחָה זויבֶּער גֶעמַאכְט; נור וֵויסְט אִיהר דֶענְן דֶעם אַייזֶען־גְרַאבּ, דָאס שְׁטִיקֶע וָואס הָאט וִוידֶער דִיעזֶע סְכָּה צוּ דֶער עֶרְד גֶעשְׁטִירְצְט? וֵוייסְט אִיהר דֶענְן דֶעם בֶּעזִים, דִיא בַּארְשְׁט וָואס הָאט אוּנְזֶער לַאנְד, אוּנְזֶער בַּיִת, אוּנְזֶער פּוֹלְוַוארִיק צוּזַאמֶען מִיט אוּנְזֶערֶע יֶענֶע עֶלְטֶערְן פון דֶער וֶועלְט אויסְגֶעקֶערְט? —אַלְזָא גֶעפִין אִיךְ מִיר דִיעזֶעס אִין דִיעזֶען שְׁטֶעלֶע אַייךְ אַזוֹינְס עֶרְקְלֶערֶען, דַאנְן וֶועלֶען מִיר גוט פֶערְשְׁטֶעהֶן וִויא קְלוּג אונ אֱמֶת דֶעם חָכָם שְׁלֹמֹה'ס וָוארְטֶען אִין זַיין קֹהֶלֶת זֶענֶען; אונ אִיהר בְּרִידֶער, הָארְכְט מִיט גֶעפִיהְל!—

גֶעצֵיילְטֶע ק'ן יָאהר זֶענֶען נור אָפְּגֶעלָאפֶען פון אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִינְס קוּמֶען דֶעם 2־טֶען מָאהל אִין לַאנְד אִינְ'ם יָאהְר 3303 (נאך יודישען צאהל) בִּיז דִיא יְוָנִים זֶענֶען אויף זֵייא אַ סְכַּךְ גֶעוָוארֶען אִין יָאהר 3449; דִיזֶע שׁוּטְץ הָאט זֵייא עֶרְלוֹיבֶּענִים גֶעגֶעבֶּען אִין אַלֶכְּסַנְדְרִיָּה דִיא גְרִיכִישֶׁע רֶעזִידֶענְץ־שְׁטָאדְט צוּא בַּאזֶעטְצֶען; דָא הָאבֶּען זִיךְ דֶער יוּנְגֶער דוֹר, דִיא צְעִירִים, פִּים גֶעמַאכְט מִיט חֵשֶׁק פון דֶער יוּדִישֶׁער סְכָּה, פוּנֶ'ם צֵל שַׁדַּי, פון זֵייעֶר יוּדִישׁ פָאלְק, אונ אוּנְטֶער גְרִיכִישֶׁען פְלִיגֶעל זִיךְ אִין גַאנְצֶען גֶעלָאזֶען פֶערְבְּלַייבֶּען.— מֶען הַאלְט פֶּעסַח פוּנְ'ם גוּטֶען בִּיסֶען (תורת „הלעיטני נא"), פון שְׁנַאפְּס; מֶען מַאכְט שׁוֹין קִידוּשׁ, קִידוּשָׁא רַבָּה אִין דֶער נֵייעֶר סְכָּה, מֶען מַאכְט שׁוֹין אָבֶּער מֶעהר נִיט „אֲשֶׁר בָּחַר בָּנוּ מִכָּל עָם"... מֶען עֶסְט דִיא סְעוּדַת יוֹם טוֹב, מֶען לֶעבְּט אַ גוּטֶען טָאג, פֶערְשְׁפָּארְט זִיךְ דִיא הֶענְט וַואשִׁין; מֶען פְּרַאוֶועט דִיא אוּשְׁפִּיזִין אִין פְּשַׁט, מִיט גֶאסְט לַאדִין אֵיינֶער דֶעם צְווֵייטֶען אויך דֶעם אֲדוֹן־הַסְּכָּה, מֶען עֶסְט שׁוֹר הַבָּר פון אוּקְרַיינֶער אָקְסִין, לִוְיָתָן—פון קַארְפֶּע, מֶען פֶערְגֶעסְט צוּא בֶּענְטְשֶׁען גָאט אונ זַיין פָאלְק, זַיין מָקוֹר מַחְצֶבֶת, מֶען גֶעהְט אִין אַלֶעם מִיט פְּשַׁט, אֵיינְפַאךְ הַלְעִיטֵנִי נָא, נִישְׁטָא קיין רְמָזִים, נִישְׁטָא קיין גֵייסְטְלִיכֶעס, אַ סְכָּה כִּפְשׁוּטָה, אַ מֶענְשׁ כִּפְשׁוּטוֹ, אונ גֶעלֶעבְּט נור מִיט פְּשַׁט, אונ יוֹצֵא!

גֶעגֶענְשְׁטַאנְד הָאבֶּען זִיךְ אַ סֶעקְטֶע גֶעפוּנֶען מִיט דֶעם נָאמֶען „איסיים"

דָאקְטוֹרִים, צוּ-פְּרוּמֶע נְשָׁמוֹת, וָואס הָאבֶּען גֶעוָואלְט דֶעם גַייסְט אַ רְפוּאָה גֶעבֶּען, נוּר זַייא הָאבֶּען אָבֶּער דִיא פָּארְצִיע צוּפִיעל פַארְגֶעבֶּען, דִיעזֶע הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ פוּן דֶער יוּדִישֶׁער סְכָּה בִּיסְלִיכְוַויים אָפְּגֶעצַייגֶען, זַייא הָאבֶּען זַייעֶר פָּאלְק גֶעלָאזֶען, אוּנ זֶענֶען אִין מִדְבָּרוֹת הֶעט הֶעט פֶּערְ־קְרָאכֶען, אוֹיף יֶענֶעם עוֹלָם, אִין סוֹדוֹת, אִין רְמָזִים אוּנ פַאנְטַאזִיעֶס, דֶעם „פְּשַׁט" אִין גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעוַוייכְט, אִין אַ סְכָּה פוּן גָאלֶע וָואזְדוּךְ, לוּפְט, רוּחְנִיוּת, זִיךְ בַּאזֶעצְט, נִיטָא ־קֵיין הִיסְטָארְיֶע אִין יוּדִישֶׁע תּוֹרָה אוּנ נְבִיאִים! נִישְׁטָא ־קֵיין אַבְרָהָם אוּנ שָׂרָה כִּפְשׁוּטָם בַּייא יוּדֶען! אַבְרָהָם אִיז דֶער רֶמֶז דֶער נֶפֶשׁ, שָׂרָה דֶער גוּף, דֶער נֶפֶשׁ גִיט דֶעם גוּף... ד״ג אַלֶע מִצְוֹת מֵיינְט מֶען נִיט כִּפְשׁוּטָן, נִיטָא ־קֵיין פְּשַׁט בַּייא יוּדֶען!...

אָט אַזוֹיא הָאבֶּען דָאס דִיעזֶע 2 סֶעקְטֶיעֶן*) אוּנזֶער אֶמֶת'ע סְכָּה צֶערְ־שְׁמֶעטֶערְט, אוּנזֶער הֵיילִיגֶען רֶעזִידֶענְץ פֶערְנִיכְטֶעט, אוּנ אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערִין מִיט אוּנְז צוּזַאמֶען פוּן פָאטֶערְס טִישׁ פֶערְטְרִיבֶּען!...

דִיעזֶע 2 סֶעקְטֶיעֶן: דִיא שְׁפִּיטְץ פֶערְגֶעטֶערְטֶע, וָואס נוּר אוֹיפְץ הִימֶעל קוּקֶען; מִיט דֶער אַנְדֶערֶע וָואס נוּר טִיעף, טִיעף אִין דֶער עֶרד קוּקֶען, — דִיא עֶרְשְׁטֶע וָואס לִיבֶּען נוּר דֶעם רֶמֶז אוּנ סוֹד, מִיט דֶער צְוֵוייטֶער וָואס זֶענֶען נוּר אִין פְּרָאסְט פְּשַׁט, אָבֶּער גַאנְץ פְּרָאסְט, אִין גֶשֶׁם אִין חוֹמֶר אַרַיינְגֶעטְהָאן, — אָט זַייא הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אוּנְזֶער פָאטֶער דֶעם אַלְטִין יִשְׂרָאֵל פַארְגֶעשְׁטֶעלְט אִין זַיין צוּרִיק קֶערֶענְדִיג פוּן דֶעם לָבָן דֶעם גַרְמַנִי צוּא זַיין פָאטֶער יִצְחָק קוּמֶען; „וַיֵאָבֵק אִישׁ עִמוֹ" אַ אִישׁ רַאנְגֶעלְט זִיךְ מִיט אִיהְם עֶר וִויל אִיהם צוּא דֶער עֶרְד שְׁטִירְצֶען, וִויא אַזוֹי? מִיט וָואס? — דֶער צֵל־שַׁדַי שְׁטֶעלְט אִיהם אָבֶּער פָּאר אַסְפֶּעצְעֶנְקֶע: עֶר דֶערְזֶעט דִיעזֶע 2 סֶעקְטֶיעֶן, דִיא צְדוּקִים אוּנ אִיסִיים, אַ פֶּערְצֵייטִיגֶען גוֹי פוּן דִיא אוּמוֹת הַקַדְמוֹנִים, מִיט אַ עֶכְט מִתְקַדֵשׁ אוּנ צַדִיק אַ הִימְמֶעל-מֶענְשׁ; אוּנ דַאדוּרְךְ זַייא וֶועלֶען זַיינֶע קִינְדֶער צוּא דֶער עֶרְד גֶעהְן, דֶען דִיעזֶע וֶועלֶען אוֹיף זַייעֶר „פָּאלְקְס-סְכָּה" פַאר „סְכַךְ" קְרִיכֶען... זַייא וֶועלֶען זִיךְ אוּנְטֶערְגֶעהְמֶען דִיא קִינְדֶערְלַאךְ פַאדֶערְגָאנְגִיקֶער זַיין, אִי רַבָּנִים אִי וֶועגְ-וַוייזֶער, זַייא שִׁיטְצֶען פוּן קֶעלְט אוּנ הִיטְץ, זַייא אוֹיפִין קָאפְּף רַייטֶען... אָט אִיז דִיא סְכָּה פַארְטִיג מִיט דִיא בֵּיינֶער! זִיא פַאלְט אוֹיף דִיא הַיוֹשְׁבִים תַּחְתֶּיהָ, וָואס זִיצְצֶען אוּנ וַוארְטֶען אוֹיף דֶער צַייט וָואס דִיא סְכָּה זָאל זִיךְ אוֹיסְבֶּעסֶערֶען, אוּנ זַייא זָאלֶען זִיךְ זַייעֶרֶע צוּקְרִימְטֶע בֵּיינֶער אוֹיסְגְלַייכֶען!...

אִין דֶער לִיטָא אוּנד פּוֹלִין דֶעקֶען אֵיינִיגֶע דִי סְכָּה מִיט יָאלְקֶע, מִיט שְׁטֶעכִיגֶע דֶערְנֶער, מִיט ־קַנָאִים אִיסִיים... חָלִילָה זַייא מִיט אַ מִינְסְטֶען

*) עי׳ מעשה אלפס ח״ד צד XI על פסוק „מי יודע רוח בני האדם".

פינגעריל

פִינְגֶערִיל בַּארִיהְרֶען, מִיט פְּשַׁט זַייא צְעפֶּען ! מֶען וֶועט זִיךְ מִיט בְּלוֹט בֶּענִיסֶען !...

אוּנ אִין קְלֵיין-רוּסְיָא בַּייא פִיל יוּדֶען, ד״ג אִין פְּרַאנְצְיֶע, בְּרִיטַאנְיָא אוּנ אַמֶערִיקָא, אִיז אַ מִינְהָג׳ל מִיט צִירֶעט, מִיט טְרָאסְנִיק פּוּסְטֶע, פּוּסְט פוּן אַלֶעס, מִיט צְדוּקִים׳לֶעךְ, מִיט פְּרַייאַדֵיינְגֶער, רֶעפָּארְמֶער, אַסְסִימִילַאטָארִין אוּנ יוּדֶעפָּאבֶּן, — מִיט זֶעלְכֶע סַכָּנָה דִיא סֻכַּת יִשְׂרָאֵל אִיבֶּער קָאפְּף דֶעקִין !...

אַךְ, לִיעבֶּע סֻכָּה׳לֶע! עֶלִינְדֶע וֶוענְטֶעלֶעךְ ! אַ רַחֲמָנוּת נֶעבִּיךְ, אַ גְרוֹיסֶער רַחֲמָנוּת אוֹיף דִיר ! עֶס גִיסְט, עֶס שְׁטוּרֶעמְט, זִיא בַּאוֶועגְט זִיךְ דוּרְךְ וִוינְטֶען אוּמְנַאטִירְלִיכֶע, אוּנ דִיא יוֹשְׁבִים?... נוּר וֶוער אִיז שׁוּלְדִיג אַז נִיט אִיהְר, יוֹשְׁבִים, זֶעלְבְּסְט! דֶעקְט נִיט מִיט אַזוּינְס! לָאזְט נִיט זֶעלְכֶע אוֹיף אַיְיֶער דַאךְ קְרִיכֶען !...

אַךְ, מַיין סֻכָּה, מַיין סֻכָּה !!...

וֶוענֶען דִיעזֶען גֶעדַאנְקֶען הָאט שׁוֹין אוּנְזֶער רֶעדְנֶער דֶער חָכָם מִכָּל אָדָם, דֶער טְהֶעאָרִיק אוּנ פְּרַאקְטִיקֶער גֶעשְׁרִיבֶּען אִין זַיין סֵפֶר קֹהֶלֶת וָואס מִיר הָאבֶּען הַיינְט גֶעלֶעזֶען : „אַז דוּרְךְ פוֹילְקַייט וֶוערְט דֶער סוֹפִיט גֶעבֵּייגֶען, אוּנ דוּרְךְ נִידֶערְטְרֶעכְטִיגְקַייט פַּאנְגְט אָן דִיא הוֹיז נֶעטְצֶען, רִינֶען״, ד״ה : מֶען בֶּעדַארְף גוּט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אוֹיף אֵיינֶע גֶעבַּיידֶע, וֶוענְן מֶען לָאזְט אָבֶּער אָפּ אַ שְׁטוּב, דַאנְן וֶוערְט פוּן אִיהר נִישְׁט ; דֶענְן אַ גֶעבַּיידֶע, בִּפְרַט נָאךְ אַ אַלְטֶע, בֶּעדַארְף הָאבֶּען אוֹיגֶען, הֶענְט, שְׁטֶענְדִיג ! אַ שְׁטוּב בֶּעדַארְף אוֹיךְ אַיין הֶעלְדִישֶׁע וִוירְטְהִין הָאבֶּען, אוֹיף אַלֶעס אַיין הַשְׁגָּחָה גֶעבֶּען, אַ וִוירְטְהִין מִיט כֹּחַ מִיט מֹחַ, וָואס דִיא אַלֶע הוֹיזְלִיכֶע פֶּערְזָאנֶען זָאלֶען זִיא הָאךְ שֶׁעטְצֶען, אִיהְרֶע וָוארְטֶען אִין מָאמֶענְט עֶרְפִילְלֶען. —

אַ וִוירְטְהִין אַ אֵשֶׁת-חַיִל, וֶוען זִיא גִיט אַבְּלִיק אַז אַ וָואלְקֶען פַּאנְגְט אָן זַיין רֵייזֶע מַאכֶען, בֶּעת אִיהְרֶע קִינְדֶער אוֹיף דֶערוֹיסֶען שְׁפִּיעלֶען, דַאנְן רוּפְט זִיא זַייא אִין הוֹיז אַרַיין, וָוער רֶעדְט אַז עֶס לָאזְט זִיךְ אַ גֶעדִיכְטֶער רֶעגִין דֶערוֹיסֶען, עֶס דוּנֶערְט, בְּלִיצְט, אוּנ אַ וִוינְט אַ רוּישֶׁענְדֶער שְׁמַייסְט אוּנְטֶער, עֶס צִיטֶערִין דִיא שׁוֹיבֶּען, עֶס פַּייפְט אִין דִיא רוֹיךְ-טְרוּבֶּעס, דִיא הַוָואלֶעס רֶעגִין טַאנְצֶען אַרוּם דִיא טִיהְרֶען, אַ שְׁוֶוערֶער שְׁוֶועבֶּעל-דוּנְסט שְׁפַּארְט אִין דִיא נָאז אַרַיין, — פִיר גְעווּיס וֶועט שׁוֹין אַזַא וִוירְטְהִין אַיין סֶעקוּנְדֶע נִיט רוּהֶען, זִיא הַאלְט שׁוֹין דֶעם פְלִיגֶעל אוּנ רַאמְט, דֶעם בַּארְשְׁט—אוּנ קֶערְט ; וֶוען זֶעהר נָאטְוֶוענְדִיג אִיז, עֶס שׁוּיֶערְט פוּן קֶעלְט, דַאן הֵייצְט זִיא אוּנְטֶער, דִיא וֶוענְט זָאלֶען נִיט הַאפֶּען נֶעטְצֶען, דִיא קִינְדֶער זָאלֶען זִיךְ נִיט צוּא קִיהְלֶען ; זִיא אַרְבֶּעט זָא לַאנְג מִיט הָעלְדֶענְקְרַאפְט בִּיז דִיא וִוינְטֶען וֶוערֶען שְׁטִילְ, דֶער רֶעגֶען

פֶּעהלְט; פִילַייכְט הָאט מֶען עֶטְוָואס שְׁמוּטְץ פוּן גַאס אִין שְׁטוּבּ אָנְגֶעטְרָאגֶען, קֶערְט זִיא דָאס אוֹיס, עֶס פֶּערְבְּלַייבֶּען אִיהְרֶע בְּנֵי־בַיִת גֶעזוּנְט, אִיהר הוֹיז גַאנְץ, אוּנ דִיא זָאנְגֶע שַׁיינְט שׁוֹין ווִידֶער אִין אִיהְרֶע פֶּענְסְטֶער, דֶער קְלִימַאט אִיז שׁוֹין ווִידֶער גֶעזוּנְט, זִיא עֶפֶענְט פַאנַאנְדֶער דִיא שׁוֹיבֶּען, דִיא שְׁטוּבּ חַאפְּט פְּרִישֶׁען לוּפְט, עֶס טְרִיקֶענְט, עֶס לֶעבְּט, פֶּערְמַאכְט ווִידֶער, אוּנ הַכֹּל שָׁלוֹם כְּקֶדֶם! —

וֶוען זִיא אִיז אָבֶּער עָצֶל׳דִיג, דוֹמֵם, אָפּ גֶעלָאזֶען, אָדֶער גְלַאט אָהְן קְרֶעפְּטֶען, שְׁוַואךְ, קְרַאנְק, אַלְט אד״ג, דַאן אִיז נִיט גוּט פִיר אִיהר הוֹיז אוּנ הוֹיזְגֶעזִינְד; דֶען דִיא קִינְדֶער שְׁפִּיעלֶען, שְׁפִּיעלֶען זָא לַאנְג דֶערוֹיסֶען בִּיז זֵייא קִיהְלֶען זִיךְ צוּא, אִין שְׁטוּבּ וֶוערְט וַואטֶער, בְּלָאטֶע בִּיז מוֹיל, „בָּאוּ מַיִם עַד נָפֶשׁ״, מֶען טְרִינְקְט זִיךְ, מֶען מִינְטֶערְט זִיךְ, דִיא וֶוענְט חַאפֶּען פוֹילֶען, עֶס וֶוערְט בְּלָאטִיג אִין קִיךְ, שְׁמוּטְצִיג אִין עֶסְס־צִימְמֶער, אִין זַאל, אוּנ אוֹיךְ אִין שְׁלָאף־צִימְמֶער, דִיא בֶּעטְטְלֶעךְ, גְרוֹיסֶע אוֹיךְ קְלֵיינֶע, שְׁווִימֶען אַרוּם אִין זוּמְפְּף... אָט אַזוֹי גֶעהְט דָאס אַלְלֶעס צוּם גְרוּנְד, דִיא קִינְדֶער בְּלַייבֶּען עֶווִיג קְרַאנְק, זֵייא שְׁטַארְבֶּען אָפּ. אָדֶער זֵייא דֶערְוַואקְסֶען אוֹיךְ אַ דוֹר אוּנ דוֹר־דוֹרוֹת קִינְדֶער שְׁוַואכֶע, אָהְן מוּטְה, אָהְן קְרֶעפְטֶען, אָהְן לֶעבְּהַאפְט!

הֶערְט, בְּרִידֶער! גֶעוֶוען בַּייא אוּנְז, בֵּית־יִשְׂרָאֵל, זֶעלְכֶע יָאהְרֶען וָואס אִין דֶער צַייט וֶוען עֶס הָאט אוֹיף דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט־גַאס אַ גוּטֶער גֶעשְׁמַאקֶער קְלִימַאט גֶעשְׁמֶעקְט, דִיא פִילָאזָאפִישֶׁע קֶענְטֶנִים פוּן עַרַבִּיֶע, גְרֶעצִיֶע הָאבֶּען פוּן אַלְלֶע זַייטֶען פֶּערְנִינְפְט—הָאבֶּען אוּנְזֶערֶע ווִירְטְהִין, ווִיא דֶער ר׳ אַבְרָהָם בֶּן עֶזְרָא, דֶער רַבֵּנוּ סַעֲדְיָה גָאוֹן, רַבֵּינוּ משֶׁה בֶּן מַיימוּן, ר׳ יְהוּדָה הַלֵּוִי אד״ג דִיא פֶּענְצְטֶער פוּן בֵּית־יִשְׂרָאֵל גֶעעֶפֶענְט, זֵייא הָאבֶּען פִיר אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער אוֹיךְ זֶעלְכֶע זָארְטִין סְפָרִים, אוּנְזֶער רֶעלִיגְיֶע אוּנ טַעֲמֵי הַמִצְוֹת מִיט חֲקִירָה פִילוֹסוֹפְיָא עֶרְקְלֶערְט, וֶוען נִיט וָואלְטֶען דִיא קִינְדֶער אִין גַאס שְׁטֶענְדִיג פֶּערְבְּרַאכְט; ווִיא עֶס הָאט אָבֶּער רֶעגֶענֶען פוּן שְׁפַּאנְיֶען, פוֹרְטוּגַאלְיֶע אָנְגֶעפַאנְגֶען, הָאבֶּען דִיעזֶע ווִירְטִינְס פֶּעסְט דִיא פֶּענְצְטֶער גֶעשְׁלָאסֶען, דִיא פֶּעדֶער אִין הַאנְט גֶענוּמֶען, דֶעם בַּיִת רֵיין שְׁטֶעלֶען, קֵיינֶע שְׁמוּטְץ אִין אִיהם נִיט אָנְטְרָאגֶען ... אַ „יַד־הַחֲזָקָה״ פוּן דִינִים, אַ פֵּירוּשׁ אוֹיף מִשְׁנָיוֹת, אוֹיפֶען תַּלְמוּד גֶעשְׁרִיבֶּען, דִיא שְׁפַּאלְטִין פוּן אוּנְזֶער בַּיִת פֶּערְשְׁטֶעלְט מִיט זֵייעֶרֶע פַּאפִּירִין, סְפָרִים ... דִיא רֶעלִיגְיֶע מַחְזִיק גֶעוֶועז, דִיא קִינְדֶער אִין שְׁטוּבּ גֶעהַאלְטֶען, ז. וו. א. וו. ... —

אֵיינִיגֶע הוּנְדֶערְט יָאהְרֶען זֶענֶען נוּר פֶּערְשְׁווּנְדֶען, דִיא קְרֵייץ־מַאסֶע הָאט זִיךְ אָנְגֶעפַאנְגֶען, דֶער גָארָאזֶענְט אִיז פֶּערְוָואלְקֶענְט גֶעוָוארֶען, מִיט

שוועביל

שוועבעל מיט פאספאר האט יעדעם אטהעם געשמעקט, דאן האבען אונזערע ווירטינס אין אשכנז אונ צרפת ווידער זייערע פעדער אין דיא הענט געחאפט. געפירט, געפירט, געחאפט פאפיר פערשטעלט א שטיק חורבה, דיא פענצטער פערהאקט, דער רשב״א, רבינו יונה, דער רא״ש—פילוסופיא גע׳אסר׳ט, קענטניס איז טרפה! געוואַרימט דיא הויז מיט שטיקער פייער פון „שערי תשובה״, „ארחות צדיקים״, „ראשית חכמה״, „מסכת גיהנם״... „עס טרייסילט פארט? שבט מוסר! ז. וו. עס רינט? געצאמט מיט טורים! עס נעצט אונטער? א פאדערהויז א נייע—בית יוסף! דער רעגין געהט? א מגן אברהם, א מגן דוד! עס לאזט ניט אפ? א רינגע אן דער זייט—א דרישה ופרישה! דרכי משה! ז. וו... דער כלל מען האט געטאהן! דען מיר האבען בעלות-הבית׳טעם געהאט, מיט טאלאנט מיט ענערגיע! ביז דיא לעצטע מאה, אין איהר אנפאנג, האט דיא זאנגע מיט איהרע צימליכע-ציוויליזאציאנ-שטראהלען אין דיא באסין פון גערמאניע אנגעפאנגען גלאנצען, אין יעדער יודישען ווינקעל פון הויז, האט מען דיא פענצטער פאנאנדער געעפענט; מען האט אבער פיעל אין שטוב שוין ניט פערבראכט, מען איז דערויסען שפיעלען געלאפען... „עס האט שוין אפילו רעגענען אנגעפאנגען ... עס איז אבער קיין ליעבליכע מוטער דארט געוועזען וואס זאל דיא קינדער אין שטוב צוריקרופען... ד״ג האט אנגעפאנגען פון דארטען שטראהלען אין וואהלין אין ליטא געבען, אין דיא 3 ווינקעלעך האבען שוין שפעטער 3 ווירטינס עטוואס גענומען טאהן פון דיא 3 סעקטיע (וואס מיר האבען דא בערעדט פאראויס), דער רמבמ״ן אין איין ווינקעל גערמאניא, דער בעל-שם ר״י אינים 2-טען (וואלין), אונ דער ווילנא׳ר גאון אין דער מיטט. דיא ערשטע 2 אבער האבען דיא קינדער ניט אללע געהארכט, דער 3-טער ווען אויך ער וואר וויכטיג אונ מעכטיג אונ פיל אויפגיטאן, דאך איז ער אבער עלינד גיוועזען, בין כה וכה זענען דיא קינדער פיעל, פיעל דורך דיא טהיר אונ פענצטער צולאפען, העט, העט, הין אין גאס, אויפין פריהלינג שפיעלען, דיא הויז אויף אלטע עלטערין, שוואכע געמיינע פערלאזען, מיסט זומפף האט זיך צו ביסליך אנגעקליבען ... דיא עלטערען רופען דיא קינדער: „קינדער! אין שטוב קומט! שוין צייט עפעס עסען אנבייסען!...״ זייא זענען אבער פערטראגען אין שפיעלען, עס העלפט ניט!... חאפט רעגענען—קומט מען אויף א שעה, מען שלעפט-אן אין שטוב זומפף פון גאס, בלאטע אין קיך... אויפ׳ן טיש... אין זאל אויך אין דיא שלאפצימערין, אויך דיא קינדער אין דיא וויגען.. חנוך, דיא פאראגאגיקע?... אט ווערט א תכלית פון א פלאן! דער

דָער בַּאלְקִין גֶעבֵּייגֶען, מִיט גִיפוּילְטֶע סְכַךְ בַּאדֶעקְט, אִין סְכָּה רִינְט, עֶס גִיסְט אִין קָאלְנֶער . . . אָט וָואס „עַצְלוּת“, וָואס „שִׁפְלוּת“ מַאכְט ! . . . קוּמְט גְלִיקְלִיכֶע פֶאלְקֶער, צוּא אוּנְז אִין שְׁטוּב ! לֶערִינְט זִיךְ אַ מוּסָר וִויא מֶען דַארְף פֶעהִיג זַיין אַ פָאלְק הִיטֶען ! אַ מוּסָר אִיז פוּן אוּנְז אַרָאפּ צוּגֶעהְמֶען ! אַ מוּסָר הַשֵׂכֶל !! . . .

בַּאלְד 19-טֶען תִּשְׁרִי אִין יָאהְר תרנ״ח הָאבֶּען מִיר שׁוֹין הוּנְדֶערְט יָאהְר נָאךְ דֶעם ווִילְנֶא׳ם גָאוֹן׳ס פְּטִירָה, רַבֵּינוּ אֵלִיָהוּ ז״ל, אוּנ דָאךְ אִיז זַיין נָאמֶען אוּנְשְׁטֶערְבְּלִיךְ פֶערְבְּלִיעבֶּען ! דֶען וִויא זַיין מֶעגְלִיכְקַייט הָאט עֶר אִין אוּנְזֶער הוֹיזגֶעטָאהְן וִויא אַטְרַייעֶ ווִירְטְהִין פִּיר אִיהְרֶע קִינְדֶער ; נוּר וַוייל עֶר אִיז אַלֵיין אִין מִיטֶען גֶעשְׁטַאנֶען אִין זַיין דוֹר, עֶר אִיז וִויא אִין דוֹר פוּן בַּית שֵׁנִי דִיא פְּרוּשִׁים גֶעוֶועזֶען, רֶעגִינְם אוּנ שְׁטוּרְמֶען פוּן סְכַךְ, פַייעֶר אוּנ וַואסֶער פוּן דִיא 2 זַייטֶען, אַ שְׁוֶוערֶע בִּיטֶערֶע מִלְחָמָה אַלֵיין נֶעהְמֶען ? אִיז פִּיעֶל עֶר הָאט גֶעהָאלְפֶען אִיז דָאךְ אִיהם אַ עֶוִויגֶען דַאנְק ! צוּ זַיין פֶעהִיגְקַייט אִיז קַיין שֶׁאטְץ ! זַיין שַׁארְף זִינְן. זַיינֶע אוּיסְגֶעמְלִיכֶע טִיעפֶע נֶערְוִוין, מֹחַ, זִכָּרוֹן, קוּק, בַּאנֶעהְם, הָאט נָאךְ קֵיינֶער בֶּעטְרָאכְטֶען אִיהם עַד הַיוֹם. הַיינְט אִיז נִיט בֶּעסֶער דֶער שׁוּטְץ פוּן „צֵל-הַחָכְמָה“ אַלְס „צֵל-הַכֶּסֶף“ ? דֶענְן ווִיפִיל מִילְיָאנֶערִין זֶענֶען אִין דִיא הוּנְדֶערְט יָאהר צוּשְׁטָארְבֶּען אוּנ זֵייעֶר גֶעדֶעכֶענִישׁ אִיז מִיט זֵייא צוּ זַאמֶען אִין גְרוּבּ גֶעגַאנְגֶען, אַ „נַחֲלָה“ אִיז גֶעוִויס גוּט, אָבֶּער : „חָכְמָה“ דֶערְצוּא ! דֶער מוֹתָר הָאָדָם מִן הַבְּהֵמָה בֶּעשְׁטֶעהְט נוּר : אִין תּוֹרָה אוּנ בִּילְדוּנְג ווִיסֶען, „דִיא זָאנְנֶע זֶעהְן“ ! דֶער רַבֵּינוּ אֵלִיָהוּ פוּן ווִילְנָא אִיז פִּיעֶל צַייטֶען אַ מְחוּסָר לֶחֶם גֶעוֶועזֶען, וַוייל עֶר הָאט קַיין הִתְמַנוּת נִיט אָן גִינוּמֶען, עֶס זָאל אִים נִיט מְבַטֵל זַיין פוּן שְׁקִידַת הַתּוֹרָה, אוּנ פִיל צַייטֶען הָאט קֵיינֶער נִיט גִיוואוּסְט פוּן זַיין דַחְקוּת, דָאךְ אִיז עֶר נִיט פוּן הוּנְגֶער גֶעשְׁטָארְבֶּען נָאךְ 70 יָאהְר ! אוּנ פִיעל קָאנְטָארִיסְטֶען בְּדוֹרֵינוּ אַז זֵייא וֶוערֶען שֶׁ„בְּשִׁפְלֵנוּ“-דִיג לֹא עָלֵינוּ עֶנְדִיגֶען זֵיי זִיךְ טַאקֶע פָּשׁוּט פוּן רָעָב וְעוֹנִי, אָט, אָט דָאס אִיז דֶער יִתְרוֹן פוּן „דַעַת“ אַז דִיא חָכְמָה בַּאלֶעבְּט אִיהְר הֶערר, וֶוענְן עֶר אָהן גֶעלְט אִיז. —

אַלְזָא, לָאמִיר נִיט אָפְּלוּיפֶען פוּן אוּנְזֶער הַייזֶעל ! . . . לָאמִיר הִיטֶען דִיא 4 וֶוענְט, זִיךְ שִׁיטְצֶען אִין צֵל הַחָכְמָה, עֶטְוָואס אוּיךְ דִיא פֶענְצְטֶער עָפֶענֶען, אָבֶּער תֵּיכֶף פֶעסְט שְׁלִיסֶען זֵייא ! . . . דַאנְן וֶועלֶען מִיר עֶוִויג פֶערְבְּלַייבֶּען נֶצַח וָעֶד ! אָמֵן.

# הטפה שלישית

## להזכרת נשמות בשמיני עצרת

צו 880 יָאהְר פוּן דֶער הֲרִיגָה פוּן ר׳ משֶׁה גֶעפַאנְגֶענֶעם אִין טָאג שִׂמְחַת תּוֹרָה. — הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת פִיר קִינְדֶער פוּן לֶעבֶּעדִיגֶע עֶלְטֶערְן. — דִיא תְּפִלָּה פוּן גֶשֶׁם אוּנ רוּחַ. — דֶער גֶעטָאהְנֶענֶער נִיט-טְהוּעֶר. — וֶוענֶען יִשּׁוּב אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל.

דֶער גְלִיקְלִיכֶער קֶענִיג שְׁלֹמֹה זִיצֶענְדִיג אוֹיף זַיין רוּהִיגֶען כִּסֵּא הַמְּלוּכָה, רֶעדֶענְדִיג זַיין סֵפֶר קֹהֶלֶת פִיר דִיא טוֹיזֶענְדֶער הֶערֶער דִיא וָואס זַיינֶען בַּייא אוּנ רוּהִיג אוֹיף זֵייעֶרֶע פּוֹלְוַואַרִיקֶעס, — קוּקְט מִיט זַיין קְלוּגֶע אוֹיג אוֹיף דֶער קוֹמֶענְדֶער צַייט אוּנ שְׁרַייט אוֹיס (קהלת י״א—א׳ ב׳): „שִׁיק דַיין בְּרוֹיט אוֹיפִין וַואסֶער! דֶען מִיט דֶער צַייט וֶועט עֶס דִיר צוּנוּטְצִין קוּמֶען; גִיב חֵלֶק 7 טֶעג אוּנ אוֹיךְ דֶעם 8-טֶען, דֶען וֶוער וֵוייס וָואס מִיט דֶער צַייט קֶען זַיין פַאר אַ בֶּאזֶעם אוֹיף דֶער וֶועלְט? ‏״ טָא זָאל בַּייא דִיר זַיין פֶערְוָוארְפֶען אוֹיף שְׁפֶּעטֶער, עֶס וֶועט דִיר אַ מָאהְל צוּ נוּטְץ קוּמֶען! —

אוּנְזֶערֶע חַכְמֵי הַמִּדְרָשׁ גִיבֶּען נָאךְ צוּ דָא פֶּעפֶּער, אוּנ זָאגֶען: „7 — מֵיינְט מֶען דָאס דִיא 7 טֶעג סֻכּוֹת, אוּנ 8 — מֵיינְט מֶען דָא שְׁמִינִי עֲצֶרֶת דֶער 8-טֶער״ (?).

קִינְדֶערְלַאךְ! יוּדִישֶׁע קִינְדֶערְלַאךְ! גֶעהְט נִיט אַרוֹיס דִיעזֶען מָאהְל אִין פָּאדֶער-הוֹיז צוּא יִזְכּוֹר, וִויא דֶער מִנְהָג אִיז בַּייא אוּנְז אַרוֹיסְגֶעהְן פוּן בֵּית-מִדְרָשׁ וֶוער עֶס הָאט עֶלְטֶערְן, בִּכְדֵי עֶר זָאל נִיט בֶּעדַארְפֶען זָאגֶען מִיט דֶעם עוֹלָם קֵיין „הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת״. אֱמֶת אֲפִילוּ וָואס פַאר אַ פָּאר זֶענֶען חֲתָנִים מִיט אֲבֵלִים, קִינְדֶער וָואס הָאבֶּען עֶלְטֶערְן צוּ יְתוֹמִים וִויא מִיר, גְרוֹיסֶע, זֶענֶען? דֶערוּם גֶעהְט אִיהר אַרוֹיס צוּ הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת, שְׁפִּיעלְט, לַאכְט, אוּנ אִיהר זַייט לוּסְטִיג אַ קְלֵיין צַייט אִין פָּאדֶערְהוֹיז, אוּנ לָאזְט אוּנְז, עֶלְטֶערְן, אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אַלֵיין זִיךְ אוֹיסְוֵויינֶען גֶעשְׁמַאק אוֹיף אוּנְזֶער שְׁוֶוערֶען שִׁיקְזַאל, אוֹיף אוּנְזֶער עֶלִינְד אָהְן עֶלְטֶערְן, אוֹיךְ אָהְן אַייךְ, לִיעבֶּע קִינְדֶער! . . . מִיר קֶענֶען נִיט פֶערְלַאנְגֶען פוּן אַייךְ, קִינְדֶער, אִיהר זָאלְט פֶערְשְׁטֶעהְן וואו אִיהר זַייט, זָא וִויא מִיר, אַייעֶרֶע עֶלְטֶערְן, בַּאנֶעהְמֶען; אַקוּרַאט וִויא מִיר אִין אַייעֶרֶע יָאהְרֶען הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען וָואס הָאבֶּען גֶעוֵויינְט אוּנְזֶערֶע עֶלְטֶערְן . . .

יָא, אִיהר זַייט גֶערֶעכְט, קִינְדֶער! גֶעהְט זִיךְ אַרֶענַע שְׁפִּיעלֶען אִין פָּארְהוֹיז פוּן אוּנְזֶער בֵּית-מִדְרָשׁ! גֶעהְט! נוּר אוֹיף דֶערוֹיסֶען הַאלְט זִיךְ אָפּ פוּן צוּ לוֹיפֶען, נִיט פֶערְגֶעסְט, אַז הַיינְטִיגֶער טָאג הֵייסְט דָאךְ מִיט זַיין

נאמעו

נאָמען „שְׁמִינִי עֲצֶרֶת", ד. ה.: אַז נאָך דעם אויסגאַנג פון סֻכָּה בעדאַרף מען זיך אָפּהאַלטען אויפֿין גאַס ניט לויפען, מיט די פרעמדע קינדער ניט שפּילען... אונ אַז ניט אין בית-מדרש אונ בית-התפלה געזעסען בעדאַרף מען דען אין דער וועלט אָהן אַזינן לויפען? די פאַרהויז, די סֻכָּה איז דער מיטטעל-פּונקט צווישען אונז, פרוממע מאַטעס, אונ צווישען דער ניט גוטער גאַס, אין פאַרהויז איז קיהלער לופטיגער, אָבער אויך ניט גאַר קאַלט, עס געהט דאָך, קינדער, צו וועסנע, צו ווינטער, צו קעלטער, ניט צו וואַרימער! נאָך ווייט, ווייט צו פריהלינג! ניט אַזוי גיך וועט נאָך אויף דערויסען וואַרים ווערען! אַלזאָ: „עֲצֶרֶת תִּהְיֶה לָכֶם קינדער! עֲצֶרֶת! האַלט זיך איין פון גאַס, פערבלייבט האָץ אין פאַרהויז ביז די אונמוטהיגע צייט פון דער „הַזְכָּרָה" אונזערע וועט פאַרבייא גיין, נאָכהער זאָלט איהר זיך צוריק קערין צו אונז, צו די אַרעמס פון די 4 ווענט פון בית-מדרש, וואָס וואַרטין אויף אייך געהמען אייך בְּכָבוד, וויא מיר, אייערע עלטערן, שטעהען דאָ אונ וואַרטען אויף אייער קומען צו אונז!...

איהר זאָלט קומען, קינדער, מיט אונז צו זאָמען „אַב-הָרַחֲמִים" זאָגען! די „קְהִלּוֹת הַקֹּדֶשׁ שֶׁמָּסְרוּ נַפְשָׁם עַל קְדוּשַּׁת הַשֵּׁם" — צו בעדויערין; די „הַנֶּאֱהָבִים וְהַנְּעִימִים בְּחַיֵּיהֶם וּבְמוֹתָם לֹא נִפְרָדוּ" — צו באַקלאָגען; „וד' שׁוֹכֵן בְּצִיּוֹן" — זאָגען; דען יענע עלטערן זענען דאָך אייך אויך עלטער-זיידעס געוועזן!, ניט פערגעסט-זשע, קינדער, צו קומען!!

נור, פאַרזאוים איהר וועט פון אונז אַרויסגעהן, געפין איך מיר פאַר אַחוב אייך דערצעהלען וואָס איך וועל קלערין, האָבען אין זִכָּרון בעת איך וועל די „הַזְכָּרָה" זאָגען: „יִזְכֹּר אֱלֹהִים אֶת נִשְׁמוֹת אָבִי וְאִמִּי פְּלוֹנִי וּפְלוֹנִית כו'", ד. ה. די נשמות פון די עלטערן זאָל „גאָטט" דערמאָהנען, זייא תַּחַת כַּנְפֵי שְׁכִינָתוֹ זעטצען, דען וויא וואויל איז צוא זייא אַז זייא האָבען שוין די שלעכטע וועלט דיעזע פערשוואונדען אונ זענען שוין דאָרטען אויף יענעם עולם, אַגוטע וועלט, אַליעבליכע וועלט!... ניט זייא ניט איך האָבען נאָך דיעזער וועלט'ל וואָס צו קימערן... זעהט איהר, אויף וואָס דערמאָהן איך מיך? „אֵלֶּה אֶזְכְּרָה וְאֶשְׁפְּכָה עָלַי נַפְשִׁי", איך דערמאָהן מיך: „כִּי אֶעֱבֹר בַּסָּךְ" אַז איך געה אַרום נאָך אויף דער וועלטיל זאָ וויא אַ שאָטין, וויא אונטער אַ סכך פון אַ פרעמדע סֻכָּה; אַז איך געה אונ לעב אונטער דעם צווייטינס שוטץ, אַז איך בין ניט קיין זעלבסטשטאַנדיגער פיר זיך אַבַּעל-הַבַּיִת; אַז איך לעב נור מיט לייטינס חֲסָדים אונ גענאַדע, וואָס בּיין צווייטען פערבלייבט פון טיש קומט ערשט מיר אָן!.. דאָס איז

אִיז שְׁרֶעקְלִיךְ! אַז אִיךְ דֶערְמָאהְן מִיךְ, אַז אִיךְ, אִישׁ הָרוּחַ, גַייסְטְלִיכֶער מַאנן, אִישׁ-הַסֵפֶר, לִיטֶערַאטוּרְנֶער מֶענְטְשׁ, מִיט פֶעהִיגְקַייט אוּנ טַאלַאנְט, זָאל זִיךְ קַיין אֵייגֶען וִוינְקֶעל נִיט עֶרְוָוארְבֶּען אוּנ בֶּעדַארְפֶען רַק פוּן נְדָבוֹת לֶעבֶּען? בִּין אִיךְ דֶען אָהן הֶענְט? אָהן אַ קָארְפֶּער? בִּין אִיךְ דֶען בֶּעשַׁאפֶען צוּ זַיין נוּר אַמְקַבֵּל, אַ נִפְעָל נִיט קַיין פּוֹעֵל? רַק יֶענֶער זָאל טָאהְן אוּנ אִיךְ זָאל גֶעטָאהְן וֶוערָען פוּנ יֶענֶעם? יֶענֶער דֶער מַאֲכִיל אוּנ אִיךְ דֶער נֶאֱכַל, יֶענֶער דֶער הוֹרֵג אוּנ אִיךְ דֶער נֶהֱרַג, יֶענֶער דֶער שׁוֹחֵט אוּנ אִיךְ דֶער נִשְׁחַט, יֶענֶער דֶער סוֹקֵל אוּנ אִיךְ — נִסְקַל, יֶענֶער דֶער שׂוֹרֵף אוּנ אִיךְ — נִשְׂרַף, יֶענֶער דֶער טוֹבֵעַ אוּנ אִיךְ — נִטְבַּע?, ז. וו., וִוי בַּאלְד אַז אִיךְ מְהוּא נִישְׁט, הֵייסְט דָאךְ דָאס: זִיךְ נִיט בַּאוֶועגְט, אוּנ אַז נִיט בַּאוֶועגְט — אִיז דָאךְ דָאס גִיט קַיין בַּעַל-חַי, נִיט קַיין לֶעבֶּעדִיגֶס וֶועזֶען, וָואס-זָשֶׁע דֶען? אַמֵת! אֲהָה קִינְדֶער! בַּאוֵויינְט דֶעם לֶעבֶּענְדִיגֶען-מֵת וָואס רֶעדְט מִיט אַייךְ יֶעצְט, וָואס אַייעֶרֶע אוֹיגֶען זֶעהְן אִיהם פִיר אַייךְ... אוּנ וָואס עֶר אִיז דִיא פָאטָאגְרַאפִישֶׁע קַארְטֶע פוּן אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִינְס לֶעבֶּען, וָואס זֶענֶען דָא, אוּנ וָואס זֶענֶען צוּ זֵיים אוּנ צוּ שְׁפְּרֵייט יֶעצְט אִין אַלֶע בָּתֵּי-מִדְרָשִׁים וָואס אוֹיף דֶעם גְרוֹיסֶען עֶרְד-שַׁארִיג פוּן דֶער וֶועלְט וָואס לֶעבֶּען זָא וִויא אִיךְ, לֶעבֶּענְדִיגֶער מְיוּחָס'דִיגֶער בַּר-מִינָן...

וואו נֶעהְם אִיךְ פִּיס, קְרֶעפְטֶען? „אֶדַדֵם עַד בֵּית אֱלֹהִים בְּקוֹל רִנָּה וְתוֹדָה הָמוֹן חוֹגֵג", אִיךְ וָואלְט שׁוֹין גֶערְין דֶערְוַוארְטֶען יֶענֶע צַייט, וָואס אִיךְ זָאל מַיין לָאהְן, מַיין פֶּענְסְיֶע פוּן גָאטֶעס הוֹיז-קַאנְטָאר זֶעלְבְּסְט בֶּעקוּמֶען, גֶעהְן עוֹלֶה לְרֶגֶל זַיין, צוּא אִיהם כְּבוֹד יוֹם-טוֹב אִין מֶענְגֶע מִיט קָאמְפַּאנְיֶע קוּמֶען, אוּנ „זְמַן שִׂמְחָתֵינוּ" אוֹיף אַ-נְ-אֱמֶת זִינְגֶען, דִיא תְּפִלַּת „גֶשֶׁם" הַיינְטִיגֶען טָאג גִיט פִיר פְּרֶעמְדֶע פָאלְקֶערְס גָארְטֶנֶער בֶּעטָען, גֶענוּג שׁוֹין אַ-„נִפְעָל" זַיין! דֶעם „גֶשֶׁם" מַיינֶעם אִין דֶער עֶרְד אָהן אַ צַייט „מוֹרִיד" זַיין, אוּנ מַיין „רוּחַ" אַרוּסְטְרַייבֶּען. מַיין קָארְפֶּער פֶּערְגִיבְּטֶען, אוּנ מַיין זֶעעלֶע מַיין גַייסְט פֶּערְגֶעסֶען, פֶּערְבְּלָאנְזֶען אִין אַלֶל דִיא רוּחוֹת ?? נַיין, שׁוֹין צַייט „מַשִּׁיב הָרוּחַ וּמוֹרִיד הַגָּשֶׁם", קֶער צוּרִיק דוּא, גָאט, מִיר דַיין רוּחַ קָדְשְׁךָ דֶעם פֶּערְצַייטִיגֶען, דֶעם אַלְטִין, דֶעם גַאנְץ אַלְטִין, אוּנ גִיב אוּנְז אוֹיךְ „גֶשֶׁם"! דֶער צוּא, אַ גְרוּנְד, אַ אָרְט, גַשְׁמִיוּת עֶפֶּעס, זָאל דֶער רֶעגִין צוּא „מִיר" גֶעהְן!...

מַיין זִכָּרוֹן דֶערְמָאהְנְט מִיר צוּא „הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת": דִיא אוּמְזִיסְטֶע הֵיילִיגֶע נְשָׁמָה פוּן רַבֵּינוּ מֹשֶׁה דֶער גֶעפַּאנְגֶענֶער, דֶער נֶהֱרַג, דֶער נִרְצָח דֶער נִפְעַל, וָואס אִיז בֶּאֱמֶת אוֹיךְ אַ זֶעלְטֶענֶער בַּעַל פּוֹעֵל גֶעוֶוען, אַ וֶועלְט בְּמַלְמֵד מִיט קִינְדֶער יִשְׂרָאֵל! אֵיינֶער פוּן דִיא בֶּעסְטֶע תַּלְמִידִים פוּנ'ם רַבֵּנוּ

סַעדְיָה גָאון, וָואס אִיז נִבְחַר גֶעוָוארֶען מִיט נָאךְ דְרַייא זַיין גְלַייכֶען צוּ קוּמֶען פוּן דֶער יְשִׁיבָה דִיא גַאנְץ אַלְטֶע כִּמְעַט פוּן חוּרְבָּן אָן. וָואס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע אַקַאדֶעמִיֶע צוּם תַּלְמוּד'ס גֶעוֶוען מִיט אִיהְר נָאמֶען „יְשִׁיבַת-סוּרָא" צוּ קוּמֶען אִין אֵירוֹפָּא פִיר אוּנְזֶערֶע גְבִירִים זַייא זָאלֶען דִיעזֶע גְרָאסְאַרְטִיגֶע וֶועלְט-בֶּערִיהְמְטֶע אַקַאדֶעמִיע מִיט זַייעֶרֶע קָאפֵּייקֶעס שְׁטִיטְצֶען; וְוִיא דִיעזֶער ר' מֹשֶׁה אִיז צוּא אִיטַאלְיֶענִישֶׁען פָּארְט גֶעקוּמֶען, אִיז עֶר פוּן דִיא גֶעזוּנְטֶע פּוֹעֲלִים דִיא רוֹיבֶּער גֶערוֹיבְּט גֶעוָוארֶען, אַ נִשְׁבֶּה פוּן דִיא שַׁבָּאִים גֶעוָוארֶען, אַ נִפְעַל; עֶר אִיז שׁוֹין גֶעבּוּנְדֶען הֶענְט אוּנ פִּיס, עֶר הָאט שׁוֹין נִיט קַיין תְּנוּעָה, עֶר אִיז שׁוֹין נִיט קַיין לֶעבֶּענְדִיגֶעס וֶועזִין מֶעהְר; סְפַרְדִ'ישֶׁע שְׁפַּאנְיֶיעשֶׁע יוּדֶען דֶערְהֶארֶען, מֶען זָאגְט שׁוֹין „הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת", מֶען אַרְבֶּעט, מֶען פּוֹעֶלְט, עֶס וֶוערְט אַ בַּאוֶועג, מֶען גִיט גֶעלְט דִיא פַאנְגֶער, מֶען קוֹיפְט אִיהְם אוֹיס, עֶר וֶוערְט אָבֶּער-רַאבִּבִינֶער אִין קוֹרְדוֹבָּא, עֶר וֶוערְט וִוידֶער אַ פּוֹעֵל, עֶר זַאמֶעלְט דִיא גְרֶעסְטֶע שִׁילְלֶער פוּן סְפַרְד, פּוֹרְטוּגַאל, צָרְפַת אוּנ אַשְׁכְּנַז, בְּרֵיינְגְט אַרַיין דֶעם גַייסְטְלִיכֶען תַּלְמוּד'ס גֶעפִיהְל, אוּנ וֶוערְט ווִידֶער אַ נִפְעַל, אַ נֶהֱרַג פוּן דִיא קַנָּאִים דִיא גַייסְטְלִיכֶע שְׁפַּאנְיֶיער... אַךְ, קִינְדֶער! אַ גְרָאסַאדְנֶער, אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶער מֵת, אָהְן פְּעוּלָה, אָהְן בַּאוֶועג אוּנ אָהְן לֶעבְּהַאפְט לִיגְט בֶּעוַואשֶׁען מִיט בְּלוּט, צוּשְׁנִיטֶען, צוּרִיסֶען, צוּ' הַרְגֶ'עט... אַ שְׁרֶעק! גַאנְץ סְפַרְדִ'ישֶׁע, פּוֹרְטוּגַאלִישֶׁע, פְּרַאנְצֶעזִישֶׁע אוּנ דַייטְשִׁישֶׁע יוּדִין זֶענֶען מִיט 880 יָאהְר צוּרִיק אִין דִיעזֶען שִׂמְחַת-תּוֹרָה (מארגענדיקען פרעהליכען טאג) אַלְלֶע יְתוֹמִים פֶּערְבְּלִיבֶּען... מֶען זָאגְט שׁוֹין הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת, מֶען שְׁטִירְצְט צוּ דֶער עֶרְד, מֶען רַייסְט קְרִיעוֹת, עֶס שְׁפַּאלְטִין זִיךְ הֶערְצֶער, מֶען לָאזְט גֶעשֶׁאפְּטֶען, מֶען זִיצְט שִׁבְעָה, מֶען אַרְבֶּעט שׁוֹין נִיט. מֶען אִיז נוּר אַ נִפְעַל; מֶען שְׁרַייט: יְתוֹמִים הָיִינוּ וְאֵין אָב! נִישְׁטָא דֶער פָאטֶער פוּן בֵּית יִשְׂרָאֵל!" „זְכֹר ד' מֶה הָיָה לָנוּ!" פְּרַאוֶוע דוּא, גָאט יִשְׂרָאֵל'ס „הַזְכָּרָה"! „נַחֲלָתֵנוּ נֶהֶפְכָה לְזָרִים, בָּתֵּינוּ לְנָכְרִים", זַייא זַיינֶען שׁוֹין דִי „פּוֹעֲלִים" אוּנ מִיר דִי „נִפְעָלִים", דִיא שְׁפַּאנְיֶשֶׁע גַייסְטְלִיכֶע— דֶער שׁוּטְץ, דִי בַּעֲלֵי-בָּתִּים, אוּנ מִיר? דִי מֵתִים! וָואס לִיגֶען אָן בַּאוֶועג, אָן תְּנוּעָה אוּנְטֶער זַייעֶר סְכַךְ, דִי שְׁטֶעכֶענְדֶע יָאלֶקְעס!... אַךְ, סֶער אַ לַאנְגֶען גְרוֹיסֶען סְכוּת מִיר הָאבֶּען!? נִיט נוּר 7 טֶעג נַייעֶרְט 7 הוּנְדֶערְט, אוּנ דִיא 8-טֶע מֵאָה אוֹיךְ! אוּנ נִיט 8 אֵיינְצִיגֶע נַייעֶרְט 18 הוּנְדֶערְט, אוּנ נָאךְ מִיט עֶפֶּעס? אַ לַאנְגֶער סְכוּת? — אוּנ דֶער גְרוֹיסֶער לַאנְגֶער מֵת יִשְׂרָאֵל'ס לִיגְט אִיבֶּער דִיעזֶען גַאנְצֶען עֶרְד-קוּגֶעל אוֹיסְגֶעצֵייגֶען, דִי גַאנְצֶע עֶרְד אִיז פַאר אִיהְם אַיין גְרוֹיסֶער קֶבֶר, דֶער וַוייס-בְּלָאהֶער מַארְמֶער שְׁטַיינֶערְנֶער הִימְמֶעל קָאלִיר—זַיין צוּדֶעק פוּנֶ'ם אֹהֶל, אוּנ דִיא שְׁטֶערִין, זַיין

אויפשריפט

אויפְשְׁרִיפְט אויף דִיעֶזֶעס מַצֵבָה, מִיט דִיא בּוּכְשְׁטַאבֶּען: „פּה נִטְמַן הָעֵץ הַנִּפְעַל״! אָט דָא לִיגְט בֶּעגְרָאבֶּען בֶּעשָׁאטֶען אַפָּאלְק נִיט-טְהוּעֶר! — אוּנ דִיא בָּתֵּי-מִדְרָשִׁים, דִיא שׁוּהְלֶען — דִיא פִּירַאמִידִין אויפְ'ן קֶבֶר! אוּנ דִיא קְרוֹשִׂים, דִיא יְתוֹמִים, דִיא גְרוֹיסֶע אוּמְגְלִיקְלִיכֶע עֶלְטֶערִין פוּן אַייךְ, קְלֵיין פֶּערְשְׁטֶענְדְלִיכֶע קִינְדֶערְלַאךְ, שְׁטֶעהֶען יֶעצְט נֶעבֶּען דִיא מַצֵבוֹת דִיא שׁוּלֶען, אוּנ זָאגֶען דָא „יִזְכּוֹר״. הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת! נָאךְ דֶעם גְרוֹיסֶען בַּר-מִינָן; מִיר פְּרַאוֶועֶן הַזְכָּרָה אויף אוּנְזֶערֶע לֶעבֶּעדִיגֶע-גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע בְּרִידֶער וָואס גֶעפִינֶען זִיךְ יֶעצְט שְׁטֶעהֶענְדִיג נֶעבֶּען זֵייעֶרֶע קְלֵיינֶע מַצֵבוֹת-בָּתֵּי-מִדְרָשִׁים פוּן נָאהֶענְטֶע אוּנ וַוייט, אוּנ דָאס גְלַייכֶען פַארְקֶערְט—זֵייא אויף אוּנְז...

מִיר גֶעדֶענְקֶען, מִיר הָאבֶּען אַזִכָּרוֹן, צוּ אוּנְזֶער אוּמְגְלִיק נָאךְ: מִיר גֶעדֶענְקֶען נָאךְ, וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעהַאט, אוּנ וָואס מִיר הָאבֶּען יֶעצְט!...

מִיר גֶעדֶענְקֶען: אַז נִיט לַאנְג הָאבֶּען מִיר נָאךְ אַ ר' צְבִי הִירְשׁ קַאלִישֶׁער, אַ ר' יִצְחָק אֶלְחָנָן קָאוְונֶער, אַ ר' מֹשֶׁה מַאנְטֶעפְיָארֶע אוּנ אַ נָדִיב ר' מֹשֶׁה בֶּן יוֹסֵף בַּארָאן דִי-הִירְשׁ ד"ג גֶעהַאט, אוּנ הַיינְט? יְתוֹמִים הָיִינוּ וְאֵין אָב! קֵיינֶע פַּאטְרִיָאט, קֵיינֶע וואַנְט! עֶס גִיסְט, עֶס רִינְט דוּרְךְ אוּנְזֶער נִיט-גוּטֶען סְכַךְ, דֶען דִי בַּעֲלֵי-הַסְכַךְ אַרְט פִיר דִיא שְׁכֵנִים גָאר וֶועניג... „אִמּוֹתֵינוּ אַלְמָנוֹת״, נִיט קֵיין קֶעבִין, נִיט קֵיין ווִירְטִין אַכְטוּנְג גֶעבֶּען אויף אוּנְזֶער עֶקָאנָאמִישֶׁע ווִירְטְשַׁאפְט, דִיא קִינְדֶער עֶטְוָואס אַרְבֶּעט, עֶסֶען גֶעבֶּען... דֶען פוּן דֶעם אֵייגֶענֶעם בֵּית-מִדְרָשׁ אִיז מֶען אַוֶועק, אויף דֶערוֹיסֶען אִיז חוֹשֶׁךְ, אויפִ'ן בֵּית-עוֹלָם — שְׁרֶעקֶען זִיךְ דִיא קִינְדֶער אַלֵיין גֶעהְן, אוּנ אִין סֻכָּה? אִין פָארְהוֹיז? אִיז נִיט גֶעשְׁמַאק זָא פִיעֶל צַייט צוּ שְׁטֶעהְן, עֶנְג, קְלֵיין, נִיט צוּ נָאט אויךְ נִיט צוּא לַייטֶען, נִיט אַ הִין נִיט אַ הֶער...

אָבֶּער אֱמֶת, קִינְדֶער, אִין שׁוּהְל אִיז סְקוּטְשְׁנֶע, אוּנְמוּטְהִיג דִיא עֶלְטֶערְן וֵויינֶען, זָאגֶען יִזְכּוֹר, הַזְכָּרַת נְשָׁמוֹת, טוּיטֶע, בִּיטֶערֶע... אָבֶּער נִיט פִיעֶל וֶועט דָאס שׁוֹין גֶעדוֹיעֶרִין, דַאכְט זִיךְ אַז עֶס הַאלְט שׁוֹין בַּיי'ן קֵץ, בַּיי'ן סוֹף! טָא זָאלְט אִיהר הָאץ בַּאלְד צוּרִיק צוּא אוּנְז גֶעהְן פוּן סֻכָּה פוּן פָארְהוֹיז!... דֶערְוַוייל, בֵּין כֹּה וָכֹה, קִינְדֶער, שְׁטִיפְט דָארְט נִיט! רֶעדְט נִיט קִינְדֶערְשׁ! לוֹיפְט נִיט דֶערוֹיסֶען! נָאט בַּאהִיט, עֶס גֶעהְט צוּא ווִינְטֶער נָאךְ, אִיהר קֶענְט זִיךְ אִין אַ קְלֵיינֶע צַייט פֶערְקִיהְלֶען!... אִיהְר זַייט דָאךְ שְׁוַואכֶע...

בֵּין כֹּה וָכֹה, בֶּעמִיהֶעט זִיךְ „מֶענְשֶׁען״ אויךְ „יוּדִין״ צוּא זַיין! „פּוֹעֲלִים״ הָאץ אַ מָאהְל מִיט דֶער צַייט וֶוערֶען! שְׁטִיצְט דִיא פּוֹעֲלִים וֶועלְכֶע אַרְבֵּייטֶען אוּנְזֶער הֵיילִיגֶען פְּלַאטְץ אִין דָאס הֵיילִיגֶע לַאנְד! „שַׁלַּח לַחְמְךָ עַל פְּנֵי הַמָּיִם״.

שיק

שיק דַיין בְּרויט אויפִֿין מִיטְלֶענְדִישֶׁען מֶעעֶר! „כִּי בְּרוֹב הַיָּמִים תִּמְצָאֶנּוּ“, דֶען איר צַייט נָאךְ יוּנְגֶע קִינְדֶער, אִיהר וֶועט נָאךְ עֶפֶּעס דֶערְוַוארְטֶען . . . וֶועה אִיז אוּנְז, גָאט וַייס שׁוֹין! — אָבֶּער אִיהר וֶועט אַייעֶר מִיה אויפְֿמָאהְנֶען! „תֶּן חֵלֶק לְשִׁבְעָה“, פֶערְבְּרֵיינְגְט אַייךְ אִין סְכָּה אִין פָארְהוֹיז „וְגַם לִשְׁמוֹנָה“, הַאלְט זִיךְ אָבֶּער אָפּ דֶערוּיסֶען, נִיט וַוייט פֶערְלוֹיפֶען, „עֲצֶרֶת תִּהְיֶה לָכֶם“, הַאלְט זִיךְ-אַיין אִין גַאס „יוּדִין“ פֶערְבְּלַייבֶּען! . . .

עֲצֶרֶת, עֲצֶרֶת, קִינְדֶער!! . . .

---

# הטפה רביעית לשבת ר"ח חשון, פ' נח.

30-טֶער יָאהְר-צַייט נָאךְ רַבִּי הִירְשׁ קָאלִישֶׁער 5-טְעָן הֶשְׁוָן. — הִימֶעלְשֶׁע דִיענְסְט אוּנ עֶרְד-אַרְבֵּייט. — 2 סִיסְטֶעמֶען אִינ'ם בֶּעדַייטוּנְג „פָאלְק“. —

הַיינְט הָאט מֶען אוּנְז פָארְגֶעלֶעזֶען אַ מַאסְסֶע מַעֲשֶׂה'לֶעךְ וָואס הָאבֶּען אויף דֶער וֶועלְט גֶעטְרָאפֶען; לַאנְג, לַאנְג שׁוֹין אֲפִילוּ, גַאנְ'ן לַאנְג בְּעֶרֶךְ 4000 יָאהְר; פוּנְ'ם מַבּוּל, נֹחַ'ס קָרְבָּנוֹת, נֹחַ'ס גָארְטֶען פְלַאנְצֶען, דֶער דוֹר הַפְּלָגָה, וּכו'; נוּר — גוּט צוּקוּקֶענְדִיג זִיךְ, וֶועלֶען מִיר, דַאכְט זִיךְ, גֶעפִֿינֶען פוּנְקְט דִיעזֶע פִיגוּרִין נָאךְ בַּייא הַיינְטִיגֶען טָאג אויךְ; עוֹלָם כְּמִנְהָגוֹ נוֹהֵג, דִיא וֶועלְט מִיט אִיהר פְּרָאגְרֶעס גֶעהְט הִין אוּנ צוּרִיק! —

אִין דֶער הַפְטָרָה לֶעזִין מִיר: „וְהָיָה מִדֵּי חֹדֶשׁ בְּחָדְשׁוֹ וּמִדֵּי שַׁבַּת בְּשַׁבַּתּוֹ, יָבֹא כָל בָּשָׂר לְהִשְׁתַּחֲוֹת לְפָנַי, אָמַר ד'“. „אַלֶע חֹדֶשׁ אוּנ שַׁבָּת וֶועט יֶעדֶער מֶענְשׁ קוּמֶען אַדַאנְק צוּ גָאט גֶעבֶּען“. דֶער יַלְקוּט זָאגְט נָאךְ דֶערְבַּיין: „יוּדֶען פְרֶעגִין בַּיי גָאט: וֶוען וֶועסְטוּ אוּנְז צוּרִיק גֶעבֶּען מִיר זָאלֶען ווִידֶער ווִיא אַמָאל אִין יְרוּשָׁלַיִם עוֹלָה לְרֶגֶל זַיין? עֶנְטְפֶערְט גָאט: קִינְדֶער, קְלֶעמְט אַייךְ נִיט! אַנְשְׁטָאט דֶעם וָואס אִיהר פְּלֶעגְט פֶערְצַייטֶען נוּר 3 מָאהְל אִין יָאהְר גֶעהְן, וֶועט אִיהר אִין דִי קוּמֶענְדֶע צַייט אַלֶע שַׁבָּת אוּנ חֹדֶשׁ הִין קוּמֶען“! . . . נוּר צוּ פָערְשְׁטֶעהְן דִיעזֶעס וֶועלֶען מִיר אַייךְ דָא פָארְלֶעגֶען אַ מִדְרָשׁ אִין הַיינְטִיגֶער סֶדְרָה:

3 מֶענְשֶׁען — זָאגְט דֶער מִדְרָשׁ — זֶענֶען אִין עֶרְד-אַרְבֵּייט זֶעהֶער לָהוּט גֶעוֶוען, אָבֶּער דֶער עֶווִיגֶער הָאט אִין זֵייא קֵיינֶע נוּטְצֶען גֶעפוּנֶען: קַיִן, נֹחַ אוּנ עוּזִיָּהוּ. קַיִן אִיז אַ עוֹבֵד אֲדָמָה גֶעוֶוען, נֹחַ — „וַיָּחֶל נֹחַ אִישׁ הָאֲדָמָה“, עוּזִיָּהוּ — „כִּי עוֹבֵד אֲדָמָה הָיָה“. —

אַז מִיר זָאלֶען בַּאנֶעהְמֶען דִיעזֶע וָוארְטֶען בּוּכְשְׁטֶעבְּלִיךְ כִּפְשׁוּטָם

גלויבט

גלויבט זיך עפעס אונז ניט, אונזערע חכמים זאללען פערהאסען דיא ערד-ארבייט ? דיא גאנצע תורה גיט אונז צו לערנען אז איהר שטרעבען איז נור דיא ערד-ארבייט געוועזן, איהרע ברכות אונ קללות באשטעהען נור אין ערד-פרוכט; די דינים פון שמיטה, יובל, תרומה, מעשר, לקט, שכחה, פאה אד"ג בעשטעהען אללעס אין ערד-ארבייט; דיא חכמי-התלמוד זאגען ניט איין מאהל: „אז א מענש אהן א שטיקעל גרונד איז גאר קיין מענש ניט, זיין לעבען איז גאר קיין לעבען, ער הייננט אין דער לופט, אין וואזדוך; א באגראבענעם א באשאטענעם, א בר-מינן, איז שוין בעסער פון איהם"; — היינט וויא זאגען זייא אונז אין דיעזען מדרש, אז דיא 3 מאננער וואס האבען דיא ערד געליעבט אונ איר מיט פלייס בעארבעט האבען ביי גאטט ניט אויסגענומען, אונ ער האט אין זייא קיינע נוטץ געפונען ?

דער מיין אבער פון דיעזע ווארטען אין מדרש איז אזויא: א גרונד, א אייגען שטיקעל ערד מוז א מענש האבען, אהן דעם איז מען גאר קיין מענש ניט; אבער ניט „להוט" זיין דעריין, ניט זיין געגארט מייגען אז דיא ערד איז מיין לעבען מיין „מענש", אונ אז ווער עס האט ערד דער איז א מענש, אונ ווער ניט—איז קיין מענש ניט ? אויב אזוי, קומט דאך אויס, אז חיות אין וואלד האבען יא ערד אונ אנדערע מענשליכע פעלקער האבען קיינע ערד, זענען נור דיא ערשטע—דיא חיות מענשען, אונ דיא מענשען ניט מענשען ? . . . דערום אז קין, נח אונ עוזיהו זענען אין דער „עבודת-האדמה" שטארק פערטיעפט געוועזן, אין איהר להוט געוועזן, איז דאך דאס א שרעקליכער טעות געוועזן! —

בפרט דיעזע 3 מאננער וויא קין דער ערשטער, נח נאך דעם וועלט-חורבן פון מבול אונ עוזיהו א קעניג פונ'ם פאלק יהודה, אז אזעלכע אב-שצעסטוועגע מענשען זאלען אזא טהעמע אין זינן האבען, דאנן ווערט דאך דורך זייא אויך דער כלל פערדארבען ? —

אונ בכדי מיינע ברידער אזוינס צו פערשטעהן געבען, מוז איך אייך דערצעהלען דיא טהעמע וועלכע דיא וועלט האט אנגענומען ווען דיא מדינות אוועסטריע-אונגארן זענען פאר א גרויסע מלוכה געווארען: אין אוועסטריע האט זיך דאמאלס א גרויסער דיפלומאט א חכם, מיט דעם נאמען „מעטטערניך", געפונען. דיעזער מאנן האט פיר אונגארן ערקלערט: אז דער נאמען „פאלק" בעשטעהט נור ווען זייא איין אבגעזונדערטעס שטרעקע ערד, א מדינה, האבען, אלזא ווען 2 שטרעקעס ערד וועלכע זענען מיט 1 שנור בעצויגען זייא באנאנד צוזאמען געהען, זייא ווערען אויך אויפין לאנדקארטע

לאנדקארטע צוזאמען מיט 1 צייכען רונד און רונד געצויגען, בעדארפען זייא אויך צוא 1 מלוכה 1 פאלק ווערען. דיא אונגארישע בירגער האבען דיעזע טהעמע אנגענומען און זענען 1 מלוכה געווארען. דיעזער שידוך איז אבער ניט געלונגען, ניט עולה ליפה געוועזן, וויא דיא צייט האט באוויזען אין דיא לעצטע יאהרען מיט דעם טומעל וואס איז געווארען אין אונגארן צווישען דער אססימילאציע פרייע תחונות; דען נאך דער דעה וואס מאכט דאס אונז אויס פון וואנען חתן כלה שטאמען? ציא ער איז קאטאליק און זיא—לוטהעראנקע, ער—בן-שם און זיא—בת-יפת אדער פארקערט? אבי ביידע זענען אונגארישע-אוסטרייכישע געבירגער פון 1 שטרעקע לאנד-שטרוך אויפ'ן אטלאס, הייסט דאך דאס א גלייך פארטיי, פון 1 פאלק! אי וואס, דיא 2 כאראקטירען שטימען ניט? וואס איינער ליעבט וויא זיין זעעלע פערהאסט דער צווייטער וויא דעם פעסט? עט, עס מאכט ניט אויס! אי דיא קינדער וועלען דאך זיין פון א מאדנע כאראקטעריסטיק-געביידע, פון פערשידענע בלוט-עקסטרעמען, עפעס א מין כוי? (ספק חיה ספק בהמה) נוא וואס איז פאר א רע!—

אט א דיעזע טהעמע פונ'ם חכם „מעטטערניך" האט אויך דער „דור המבול" געהאלטען, דערום איז „השחית כל בשר את דרכו על הארץ" געמאכט אססימילאציע אין דיא געבליט, „נזקקין מין בשאינו מינו", אמענש מיט א בהמה, א בהמה מיט א חיה אלע גלייך געווארען, מיט דער טענה: אלע ברואים לעבען אויף 1 שטרעקע ערד, דערום זענען אלע נור 1 פאמיליע; דאנן האט דער וועלט-שאפער אויף זייא אמבול געבראכט, ער האט אלעס אויסגעמעקט, קיין געדעכעניש פון זייא געלאזען, נור נח דער צדיק תמים מיט זיין פאמיליע זענען געבליבען.

נח וויל א וועלט גרינדען. ער דענקט אנפאנגען דיא ערד בעארבייטען „ויחל נח איש אדמה" אויף דיא בעארבייטע ערד א פאמיליע, א מלוכה, א פאלק באזעטצען; דענן וויא וועט דאס א שטאט ווערען אהן א בעשטימטע שטרעקע ערד? דאן פלאנצט ער א גארטען, און מאקע נור פון וויין-טרויבען „ויטע כרם": פאמיליען-לעבען פון 1 שטאמע, פון 1 זארט בלוט, 1 כאראקטער איז גאר ניש, ערד בעדארף זיין דער גארטעל, דער צעפ, דער גרענעץ פון אטלס וועט זייא פאר א פאלק מאכען מיט א שטאט מיט איין ארדנונג, און אויסער דעם איז אלעס גאר נישט! מען פערפארטיגט וויין, מען טרינקט זיך אן, מען האפט אריבער דיא מאס... חם לאכט אונ'ם פאטער, שם און יפת האלטען איהם פיר, דיא ברידער ווערען צעריסען

עס

עס ווערען א סעקטיע אנטי-שמים (אנטיסימיטען) יודעפאבין, עס ווערט א דור הפלגה מיט פערשיעדענע געפיללען, מיט געענדערטע תאוות, פערשיעדענע דעות, שפראכען א. ז. וו., דאנן „ויאמרו איש אל רעהו: הבה נבנה לנו עיר ומגדל ונעשה לנו שם (א גאטען „פאלק") פן נפוץ על פני כל הארץ" ד. ה. אהן דער ערד אונ פיראמיד קענען מיר דאך קיינע „פאלק" זיין! וואס ווערט אבער דערפון? מען היט שוין מעהר ניט דעם פאלקס-שטאלץ, דעם פאמיליען-יחוס, דעם בעשטימטען כאראקטער, דעם געבורטס-אינסטינקט (נטיה טבעית), עס ווערט אססימילאציע, חתונות אויף קאנטראקטין, עס מישט זיך איים מיט שווארץ, קארליק מיט ריעז, אייראפייעש מיט אפריקאנעש, דיא קינדער זענען פון געמישטע פערשיעדענע נאטורין, פערשיעדענע גלויבענס, ערליייא זארטען קאנטראסטין, די מוטער וויל געבען דאס קינד אין אנדער זארט פעדאגאגיע, דער פאטער א אנדער זארט, דיא עלטערען גופא צאנקען זיך באנאנד אין זארטען עססען, קליידער אונ אלעם, עס איז גוט! „דערפאר אבער (זאגט דער חכם מעטטערניך מיט דעם דור הפלגה): נישקשה, מיר זענען דאך 1 פאלק, נח האט 1 גארטען ערד פיר אונז אלעמען פערפלאנצט! אונ קין האט אויך דערצו מסכים געווען! אונ עזיהו דער קאניג פון יהודה האט אויך אזוינס געליעבט!" מען פערגעסט אבער אז דיעזע 3 דיפלומאטין האבען ביי דעם וועלט-שאפער ווייניג אויסגענומען; דענן זייער סוף האט אויפין אנפאנג ערקונדיגט: קין איז דער ערשטער גזלן אויף דער וועלט געווען, נח האט בזיונות געהאט, עזיהו איז מצורע'דיק געווארען, דען א זא שיטה קען צו קיין גוטס בריינגען, אססימילאציע מוז דיא בלוטין צו מישען א. ז. וו.

ברידער! דיעזען 5-טען חשון ווערט 30 יאהר אז הגאון ר' הירש קאלישער טהארנ'ער רב אין פרייסען 40 יאהר אומזיסט – איז געשטארבען! דיעזער מאנן האט גראמאדנע ספרים פערפאסט. אין 1 ספר זיינעם מיט דעם נאמען „אבן בוחן" געגען בערלינער רעפארם, גיט ער דיעזע פארטיע דיא וועלט צו זעהן, ער ווייזט זייא-אויף וויא זייער טהעמע איז אהן פיס, זיא קען קיין קיום ניט האבען. אין זיין ספר „דרישת ציון" גיט ער ערקלערען ער ווייזט אן פון כל התורה, נביאים וכתובים, פון ש"ס, מדרשים אונ ילקוטים: אז אהן ישוב ארץ ישראל, אהן א שטיקעל חזקה אין ארץ ישראל מיט „עבודת-אדמה" וואו יודען זאלען בדור הזה קיין גרונד אין פלשתינא האבען, — קען משיח בשום אופן ניט קומען! דא קענט איהר דאך, ברידער, א קשיא פראגען: וויא קומט דאס אזא טהעמע פיר דעם

צדיק

צַדיק ר׳ הירש קאַלישער? מיר, יודען, האַלטען דאָך ניט פון מעטטערניך׳ס שיטה, ביַיא אונז איז בּאַגלויבּט דיא תּורה וואָס רופט אונז אָן „גוי קדוש״, אַ הייליג פאָלק, אַ פאָלק מיט טאַלאַנט, אַ פאָלק פון אַ אָבּגעזונדערט שטאַממע, אָפּגעהיטע בּלוט, ריינע זויבּערע ניט געמישטע מיט קיינעם, בּעזונדערע מוסקאַלין, נערווין, וואָס גיט איהרע מענשען בּעזונדערע געפיללען, כשרונות, טאַלאַנט, פעהיגקייט; עס מאַכט גיט אויס אין וואָס דיעזער טאַלאַנט בּעשטעהט, ציא אין דיא חריפות פונ׳ם מחבר פון „סמ״ע״, אָדער (להבדיל בין קודש לחול) אין דער מוזיקע פון מאיר-בּער קאָמפּאָזיטער; אין דער סקולפּטורע פון אַנטאָקאָלסקי, אָדער אינ׳ם פּלפּול פונ׳ם ספר „קצות״, „נתיבות״ אונ „שאגת אריה״; אינ׳ם חודאַזשניק שלמה מיימון, אָדער אינ׳ם „אורים ותומים״ פון ר׳ יונתן אייבּשיץ (דנם הרואה חכם בחכמת העולם אומר ברוך שנתן מחכמתו לבריותיו), אינ׳ם טאַלאַנט פונ׳ם דיפּלומאַט בּיקאָנספעלד, אין בּאַרזע (געלט-געשעפט) פון ראָטהשילד, בּאַראָן די-הירש! אַבּיא טאַלאַנט איז דאָ, אויסגעהמליכקייט זעהען אַלע אין דער משפחה ישראל׳ס, געבּאָהרענע פעהיגקייט, נאַטירליכע מלידה ומבטן, אַלעס — געבּורטס, אַלעס — ירושה פון עלטערין. אָט דאָס-הייסט אַבּעזונדער פאָלק וואָס אָהן דעם זענען מיר קיינע פאָלק חען מיר מעגען אַפילו מיליאַרדין דעסיאַטין ערד האָבּען דאָ אָדער דאָרט; הייסט וואָס פאַר אַ מגדל פון דור הפלגה וויל דאָ אונזער צדיק קאַלישער פיר אונז בּויען? מיינט ניט אַז דיעזער מאַנן האָט זיך בּעגנוגענט מיט זיין דעה אין אַ ספר אָפּשרייבּען אונ יוצא, ניין! ער האָט נאָך זעלבּסט אַ היבּשע שטרעקע ערד געגען אונזער מוטער רחל׳ס קבר געקויפט אונ אויף אַקציאָנען זיא פערקויפט?!

נאָך מעהר וואונדערבּאַר: דיעזער קלוגער אונ פרומער מאַנן האָט אין יאָהר 5590 (אַ יאָהר פאָראויס איידער ער האָט זיינע ערד אין ארץ ישראל גיקויפט) פיעל תשובות מיט פּלפּול געשריבּען אין דער טהעמע, אויספּנוייזען אַז מען קען „קרבנות״ היינטיגע צייט אויך אויפין מקום המקדש אָפּפערן, דענן מען בּעדאַרף דערצוא קיין בית-המקדש ניט האָבּען; ער האָט דאָס פיר דיא גרויסע גאונים ר׳ עקיבא איינער, ר׳ משה סופר אונ ר׳ יעקב צבי מעקלענבּורג פאָרגעלייגט, נור בּין כה וכה איז איהם דער געדאַנק פון „עבודת-האדמה״ אין ארץ-ישראל אַרויפגעגאַנגען, ער האָט דיא „עבודת-שמים״ דורך דיא בּני-אַהרן אויף „עבודת-אדמה״ דורך דיא פּראָסטע בּני-ישראל פערוועקסעלט? וואונדערליך! דיעזער מאַנן וואָס איז זאָ זעלבּסטשטענדיג געוועזען, זאָ פיעל קלוג אונ פּאַטריאָטיש געוועזען, זאָל גאָר וועלען אַזאַ געדאַנק אויספיהרען?

מַקְרִיב זַיין קָרְבָּנוֹת אָן אַיין מִקְדָּשׁ אוּנ בְּעֵת יְרוּשָׁלַיִם אִיז אִין פְּרֶעמְדֶע הֶענְד.

נוּר יֶעצְט, בְּרִידֶער, פֶערְשְׁטֶעהֶען מִיר דִיעזֶע וואוּנְדֶערְלִיכֶען גַאוֹ'נְס טְהֶעמֶע: דֶען דִיעזֶער מַאנְן הָאט דִיא בֶּערְלִינֶער רֶעפָארֶעם דִיעזֶע אַסְסִימִילַאטִישֶׁע אִידֶעע דֶערְשְׁפִּירְט, אַז זַייא ווִילֶען נוּר אַ פָאלְק דוּרְךְ אַ גְרוּנְד-עֶרְד וֶוערֶען, זַייעֶר מִשְׁפָּחָה'ס יִחוּס מֶעהְר נִיט שֶׁעטְצֶען, דַאנְן הָאט עֶר זַייא אִין זַיין ווֶערְק "אֶבֶן בּוֹחַן" דִיא פַאלְשׁ אַנְטְדֶעקְט, אוּנ דִיעזֶעס צוּ פֶערְשְׁטַארְקֶען הָאט עֶר נָאךְ גֶעוָואלְט זַייא אוֹיף לְהַבְעִים דִיא גָאטֶעס דִיענְסְט מִיט "קָרְבָּנוֹת" אַיינְגְרִינְדֶען, בַּאווייזֶען זַייא מוֹגְלִיךְ אוּנ אוֹיךְ פְּרַאקְטִישׁ, אַז מִיט דִיעזֶען צֶענְטְרַאלְנֶעם גַייסְטְלִיכֶען קְרַאפְט וֶועלֶען אַלֶע מִילְיָאנֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע בְּנֵי יִשְׂרָאֵל וָואס זַיינֶען אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע לֶענְדֶער אוּנ פֶעלְקֶער צוּא שְׁפְּרֵייט — אַלֶע וֶוערֶען אוֹיפְגֶעבוּנְדֶען, אַיין פָאלְק אוֹיף אַיין מָאל וֶוערֶען. אַי וָואס דִיעזֶע אַסְסִימִילַאטָארֶען, דִיעזֶע רֶעפָארְמֶער וֶועלֶען זִיךְ אַלֶעס שַׁבָּת זוּנְטָאג פְּרַאוֶוען? קַיין בָּאז נִיט! יָאלֶען דִיעזֶע גֶעשְׁטַארְבֶּענֶע גְלִיעדֶער פוּן יִשְׂרָאֵלִ'ס גֶעזוּנְטֶען קָארְפֶּער אָפְּגֶעטְרֶענְט זַיין, דֶען וֶוען נִיט, וֶועלֶען דִיעזֶע, נָאךְ דֶעם גַאנְצֶען קָארְפֶּער פֶערְדַארְבֶּען. — נַאכְהֶער אָבֶּער הָאט עֶר זִיךְ בֶּעדֵיינְקְט: אַ רַחֲמָנוּת אָבֶּער, אִיז דֶען אַ קוּנְסְט אֵבָרִים שְׁנֵיידֶען? מֶעהְר קוּנְסְט אִיז, זַייא אַ קוּרַאצְיֶע אַ לַייכְטֶע מֶעדֶעצִינִישֶׁע גֶעבֶּען, אוּנ זַייא צוּם גֶעזוּנְט אוּנ לֶעבֶּען עֶרְהַאלְטֶען! אַלְזָא הָאט עֶר זִיךְ בֶּעמִיהֶעט אַ שְׁטְרֶעקֶע עֶרְד בֶּעקוּמֶען, זַייא אַ הֶעלְפְט נָאךְ גֶעבֶּען, "נַאט אַיךְ, קִינְדֶער, עֶרְד-אַרְבֵּייט! — זָאגְט ר' הִירְשׁ קָאלִישֶׁער — בִּיסְלֶעכְוַויס וֶועט אִיהְר דִיעזֶער מְלוּכָה פוּן תּוּרְצְיֶע דִיא גֶעמֵיינֶע, אַ הִיפְּשֶׁע שְׁטְרֶעקֶע קֶענֶען בֶּעקוּמֶען, בִּיז מִיט דֶער צַייט וֶועט אִיהְר קֶענֶען אוֹיךְ אַ צֵייכֶען אַ בֶּעזוּנְדֶער אָרְט אִין אַטְלַאס בֶּעקוּמֶען"; דֶערְהוֹיפְּט מֵיין זַיינֶער אִיז אָבֶּער גֶעוֶוען מִיט דֶעם: אַז דוּרְךְ דֶעם אָרְט אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דַוְקָא וֶועלֶען זַייא אוֹיךְ יוֹדְעִן פֶערְבְּלַייבֶּען, זַייא וֶועלֶען דִיא עֲבוֹדַת-שָׁמַיִם, דִיא גָאטֶעס דִיענְסְט, דֶעם גַייסְטְלִיכֶען פָאלְקֶס-יִחוּס, שׁוֹין ווִיא דִיא אוֹיג פוּן קָאפְּף הִיטֶען, דֶען דִיעזֶער אָרְט וֶועט זַייא פִיעל פִיעל שְׁטָאף דֶער צוּ גֶעבֶּען, עֶר וֶועט זַייא דֶערְמָאהְנֶען אָן זַייעֶר פֶערְצַייטִיגֶען לֶעבֶּען, פֶערְצַייטִיגֶע פָאלְקְס-שְׁטָאלְץ, אַז אוֹיף דִיעזֶע עֶרְד הָאבֶּען דִיא פִיס פוּן אוּנְזֶערֶע אוֹיסְגֶעהְמְלִיכֶע אָבוֹת גֶעטְרָאטֶען, דִיא פִיס פוּן אוּנְזֶערֶע מְלָכִים, הֶעלְדִין, פָּאטֶען, מִילִיטֶער אוּנ יֶעלְנֶער; דִיא פִיס פוּן אוּנְזֶערֶע פִיעל, פִיעל פִיה, רִינְדֶער, ז. וו., פִיט פוּן קַארַאוַואנֶעס, סוֹחֲרִים, ד"ג. אָט אַזוֹיא זָאגֶען מִיר דָאס אוֹיךְ אַ פָאלְק אִין

אין קאָרפּער, אָבער אויך גייסטליך דערצוגן, פּאַטריאָטיש, אָרענטליך און סטאַטיש געווען, אַ ריין פאָלק, אַ זויבערע אַ ציכטיג פאָלק געווען, און ד"ג וועלען דיעזע בערלינער, „יודין" מיט דער צייט ווערען, דענן פון שלא לשמה קומט אויך אם ענדע צו לשמה! אט דאס איז ר' הירש קאַלישער, זכרו לברכה, געווען! אט אַזאַ זעלטענער יודיש פאַטריאָט איז דאס געוועזן! אַ אוהב ישראל, אַ פערזאָרגער, אַ ריין קאָפּף מיט אַ גוט הערץ, אַ אמת יודיש טאַלאַנטפאָללער מאַנן געוועזן! ער האט אויך דעם צדיק ר' משה מאָנטעפיאָרע צו גוטעס זיין פאָלק טאָהן דא און דאָרט–דערוועקט! ער איז דער ערשטער חובב ציון, אין ריידען און אין טאָהן, געוועזן, איהם קומט פון אונז אַלעם אַ דאַנק, אַ עוויג נאָמען אויף אונזער הערצען קריטצען!

נור, מיט וואס זענען מיר אין שטאַנד איהם צו דאַנקען? מעהר ניט וויא מיט אונזער טרייא בלייבען צוא גאָטעס דיענסט און פאָלקס-קראַפט, מיט אונזער האָבען אין געדאַנק אם ווענינגסטען ווען מיר רוהיג זענען, אינ'ם טאָג שבת, ראש-חדש, וויא היינטיגען טאָג, שבת און ראש-חדש, און ד"ג אַלע שבת אין אונזער פערזאַמלען זיך אין גאָטעס הויז, אין תורה לערנען, אינ'ם נביא הערען, אונזער היסטאָרישע דענקען, וועגען אונזער עבר רעדען און אַ האָפפנונג אויף עתיד האָבען. און אַנשטאָט וואס אַ מאָהל זענען מיר נור 3 מאָהל אין יאָהר אין ארץ ישראל עולה לרגל געוועזן, זאָלען מיר היינט אַם ענדע צייט, אָפט, גאַנץ אָפט, אין געדאַנק אַהין, אַהין פליהען און שטרעבען!... מקיים זיין: „והיה מדי חדש בחדשו ומדי שבת בשבתו יבא כל בשר להשתחוות לפני אמר ה'"! דען דיעזער געדאַנק וועט אונז פאַר אַ פאָלק האַלטען, מיט דיעזען געדאַנק בעדאַרפען מיר אין דיא לאַנדער דערווייל פערבלייבען, אונזערע ארץ-ישראל-קאָלאָניסטען מיט אַלעם מעגליכקייט שטיטצען, דען מיר שטיטצען דערמיט זיך זעלבסט! דען מיט דיעזען געדאַנק וועלען „מיר" אויך הין לסוף, בחסדי המלך, קומען, און טאַקע ערשט דאַמאָלס אויף עוויג, עוויג אַ עוויג פאָלק פערבלייבען, דאַנן וועט אויף אונז מקויים ווערען דיא וואָרטען פון היינטיגע הפטרה: כי כאשר השמים החדשים והארץ החדשה עומדים לפני, נאם ד', כן יעמד זרעכם ושמכם"!

מיר פערבלייבען זא וויא הימעל און ערד עוויג, עוויג!!

דיא פְּרָאסְטֶע פֶערְצַייטִיגֶע לַאמְפֶּע אונ דִיא קִינְסְטְלִיכֶע.— דֶער גַייסְט אונ דִיא פֶּעדַאגָאגִיקֶע.

מִיר זָאגֶען אִין דַאוְנֶען אונ אִין בֶּענְטְשֶׁען אַגַאנְץ חֲנֻכָּה: בִּימֵי מַתִּתְיָהוּ – בִּיז עֶנְדֶע.

צוּ פֶערְשְׁטֶעהֶען דיעזֶע אַלֶע טִיטְלֶען וָואס הֵייסְט חֲלָשִׁים, מְעַטִּים, טְהוֹרִים אונ עוֹסְקֵים בַּתּוֹרָה, בֶּעדַארְפֶען מִיר דָא עֶרְקְלֶערֶען אֵיינֶע קוּרְצֶע אַגָדָה פוּן תַּלְמוּד (שבת ד׳ כג:) זַייא זָאגֶען: „הָרָגִיל בְּנֵר חֲנֻכָּה הַוְין לֵיהּ בָּנִים תַּלְמִידֵי חֲכָמִים״, ד.ה. בּוּכְשְׁטֶעבְּלִיךְ: אַז וֶוער עֶס אִיז אִין חֲנֻכָּה-לִיכְט גֶעוואֶהְנְטְלִיךְ אָפְּט צִינְדֶען, דֶער וֶועט גוּטֶע, פְרוּמֶע קִינְדֶער הָאבֶּען.

דיעזֶע אַגָדָה בֶּעט זִיךְ בַּייא אוּנְז מֶען זָאל זִיא עֶרְקְלֶערֶען אונ עֶפֶּעס מִיט אַגֶעדַאנְק זִיא בֶּאלֶעבֶּען, דֶען בּוּכְשְׁטֶעבְּלִיךְ הָאבֶּען דיעזֶע וָוארְטֶען קֵיינֶע בֶּעדַייטוּנְג! דֶען אִיז אַזוֹינְס מֶעגְלִיךְ, אַז אַיוּד וֶועט בְּלָאזֶען שׁוֹפָר אִין חוֹדֶשׁ נִיסָן, עֶסֶען מַצָּה-שְׁמוּרָה אִין תִּשְׁרֵי, בֶּענְטְשֶׁען אֶתְרוֹג אִין שְׁבָט, זָאלל אִיהם גָאט דֶערְפַאר אַגוּט לָאהְן בֶּעצָאהְלֶען? דָאס גְלַייכֶען אַז אַיוּד זָאלל זַיין אַ„רָגִיל״ אִין נֵר-חֲנֻכָּה צִינְדֶען, ד.ה. אַז אוֹיסֶער חֲנֻכָּה-לִיכְט אוּם כִּיסְלֵו וֶועט עֶר זַייא נָאךְ אַגַאנְץ יָאהְר אוֹיךְ בֶּענְטְשֶׁען, עֶר וֶועט דִיא בְּעשְׁטִימְטֶע צַייט פוּן אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים נִיט הִיטֶען, זָאלל עֶר נָאךְ דֶערְפַאר אַ-נ-עֶדֶעל מַאן הֵייסֶען אונ גָאט זָאל אִיהם נָאךְ קִינְדֶער תַּלְמִידֵי-חֲכָמִים גֶעבֶּען?

ווידֶער ווִילְט זִיךְ אוּנְז דָא פֶערְשְׁטֶעהֶען דִיא לָאגִיקֶע וָואס זַייא גְלַייכֶען דָא אַגוּט קִינְד צוּא אַחֲנֻכָּה-לִיכְט? בַּייא אוּנְז קוּמְט דָאס אוֹיס, דָאס זַייא הָאבֶּען אַשַׁייכוּת אֵיינֶס צוּא דָאס אַנְדֶערְס אַזוֹי וְויא אַ לַאטֶעקֶע צוּא דִיא מַכַּבִּייֶער, וְויא אַקְרֶעפִּיל צוּא אֶסְתֵּר הַמַּלְכָּה, וְויא אַקְנֵיידֶעל צוּא עֲבָדִים הָיִינוּ, וִוא אַפִּירִישְׁקֶע צוּא דִיא שְׁבוּעוֹת׳דִיגֶע לוּחוֹת אונ וְויא קָאפְּפֶּע פַארְן דַאוְנֶען צוּא רֹאשׁ-הַשָּׁנָה׳דִיגֶע תְּקִיעוֹת?

טָא הֶערְט-זְשֶׁע, בְּרִידֶער, אִין דיעזֶען נֵס אַנַייעֶס:

אוּנְז אַלֶעמֶען אִיז גַאנְץ גוּט בֶּעקַאנְט וֶועגֶען אוּנְזֶער הֶעלְד יְהוּדָא-הַמַּכַּבִּי, וֶועגֶען זַיין אוּמְנַאטִירְלִיכֶען נִצָּחוֹן, וֶועגֶען דיעזֶען רִיטְצֶער וֶועלְכֶער הָאט גֶעקֶאמְפְּפְט מִיט דִיא פֶערְצַייטִיגֶע גְרִיכֶען אונ מִיט זַיינֶע אֵיינֶעגֶע בְּרִידֶער דִיא הֶעלֶענִיסְטֶען צוּ זַאמֶען. אִיךְ רֶעכֶען גָאר פַאר אִיבֶּעריג אִיבֶּערְהַאזֶרְן פָאר אַייךְ דִיא פֶערְיָאדֶע פוּן נֵס-חֲנֻכָּה, דֶערְצֶעהְלֶען פַאר אַייךְ יֶענֶע שְׁטִיק הִיסְטָארְיֶע וֶועלְכֶע אִיז שׁוֹין בֶּעוואוּסְט אוֹיף קְלָאר פַארְן אַלְטֶען אונ נַייעֶם דוֹר, בִּפְרָט אִין דיעזֶע לֶעצְטֶע יָאהְרֶען וָואס פוּן דְרוּק גֶעהֶען אַרוֹיס זֶעלְבֶע

בראשורין

בְּרֵאשׁוּרִין גָאר בִּילְלִיגֶע וֶועגֶען דִיא בֶּעשְׁרַייבּוּנְג פוּן חֲנֻכָּה אוֹיף אַלְלֶע שְׁפְּרַאכֶען ; אַלֶעמֶען אִיז שׁוֹין בֶּעקַאנְט יְהוּדָא-הַמַכַּבִּי מִיט זַיין עֶפָּאכֶע אַזוֹיא קְלָאר וְויא דֶער חֶשְׁבּוֹן פוּן דִיא 8 לִיכְטְלֶעך. אַלְזָא וֶועלֶען מִיר דָא וֶועגֶען יְהוּדָא-הַמַכַּבִּי גָאר אַ שְׁוַויג מַאכֶען ; מִיר וֶועלֶען יֶעצְט נוּר אֵיינִיגֶע וָוארְטֶען פוּן זַיין פָּאטֶער דֶעם רֵיעז מַתִּתְיָהוּ הַמַכַּבִּי רֶעדֶען. דֶען אוֹיף דִיעזֶען אַלְטְשִׁינְקֶען פֶערְגֶעסְט מֶען זִיך גָאר, וָואס בֶּאֱמֶת אִיז דָאך נוּר עֶר דֶער עֶרְשְׁטֶער הֶעלְד גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט דָאך דִיא וֶועג פַאר זַיינֶע קִינְדֶער אוֹיס-גֶעטְרָאטֶען, עֶר הָאט דָאך זַייא דִיעזֶע פֶּעדַאגָאגִיקֶע גֶעגֶעבֶּען, עֶר אוּנ עֶר, אַלְזָא וֶועלֶען מִיר יֶעצְט טַאקִי רֶעדֶען נוּר וֶועגֶען אִיהם.

אוּנְזֶער קֶענִיג דֶער הֶעלְד אוּנ פָּאעֶט דָוִד הָאט זִיך בַּייא גָאט גֶעבֶּעטֶען (קאפי׳ 51) : לֵב טָהוֹר בְּרָא לִי אֱלֹהִים וְרוּחַ נָכוֹן חַדֵּשׁ בְּקִרְבִּי! אַל תַּשְׁלִיכֵנִי מִלְּפָנֶיךָ וְרוּחַ קָדְשְׁךָ אַל תִּקַּח מִמֶּנִּי! הָשִׁיבָה לִי שְׂשׂוֹן יִשְׁעֶךָ וְרוּחַ נְדִיבָה תִסְמְכֵנִי!״ ד.ה. : אָ, גָאט! פֶערְשַׁאף מִיר אַ רֵיין הַארְץ אוּנ אַ פֶערְפֶערְטִיגְטֶען גַייסְט בֶּענַייעֶ אִין מִיר! אָ, גָאט! וַוארְף מִיך נִיט הִיעֶן פוּן דִיר, אוּנ דַיין הֵיילִיגֶען גַייסְט נֶעהְם נִיט אַוֶועק פוּן מִיר! קֶעהְר מִיר צוּרִיק דַיין הִילְפְס-פְרֵיידֶע אוּנ אַ בְּעווִילִיגְטֶעם גַייסְט שְׁטִיצֶע מִיך!

דֶען אָהן אַ „רוּחַ-נָכוֹן״, „רוּחַ-קָדוֹשׁ״ אוּנ „רוּחַ-נְדִיבָה״, אִיז אוּנְמֶעגְלִיך אַזַא אַלְלְגֶעמֵיינֶעם מַאנְן וְויא דָוִד א.ד.ג. צוּ עֶקְסֶעסְטִירֶען אוּנ אָפְּהִיטֶען זַיין שְׁטֶעלֶע וְויא גֶעהֶערִיג אִיז, דֶען פִיעל מָאהְל טְרֶעפְט אַז אִין אַ פְּלוּצְלִיכֶען אוּנְגְלִיק וֶוען מֶען זָאלל אִין עֶרְשְׁטֶען אוּיגֶענְבְּלִיק נִיט פֶעהִיג זַיין, אִינְ׳ם עֶרְשְׁטֶען מָאמֶענְט זִיך אַרַאטְה צוּ רֶעטֶען גֶעבֶּען, דַאן קֶען מֶען צוּא אַ אוּר-זַאצְלִיכֶען אוּנְגְלִיק קוּמֶען, אוֹיף עֶוִויג פֶערְלוֹירֶען גֶעהְן, דֶערוּם מוּז אַזַא מַאנְן אַ „רוּחַ-נָכוֹן״ אַ גֶעגְרֵייטֶעם פֶערְפֶערְטִיגְטֶען גַייסְט הָאבֶּען. דִיעזֶער מַאנְן וֶועלְכֶער הָאט אַזוֹינְס בַּייא זִיך, הֵייסְט מִיט דֶעם נָאמֶען : „בַּעַל רוּחַ נָכוֹן״, ד״ה : אַ מַאנְן דֶער גַייסְטֶעס פֶערְטִיגְקֵייט בֶּעזִיטְצְט. דֶערוּם בֶּעט זִיך דָוִד, וֶועלְכֶער הָאט זִיך תָּמִיד פַאר פְּלוּצְלִיכֶע בְּלוּט-פֵיינְד גֶעשְׁרָאקֶען : „וְרוּחַ נָכוֹן חַדֵּשׁ בְּקִרְבִּי״!

נוּר פוּן גְרוֹיס אִיבֶּער אַיילוּנְג פוּן זֶעלְכֶע מָאמֶענְטַאלִישֶׁע טְהוּאוּנְג קֶען דָאך דֶער מֶענְטְשׁ פִיעל פֶעהְלֶערֶען טְהוּן, וְויא דָוִד זֶעלְבְּסְט זָאגְט „אֲנִי אָמַרְתִּי בְחָפְזִי כָּל הָאָדָם כּוֹזֵב״ ד״ה : מַיין שְׁפְּרוּך אִיזְט : אִין דֶער אִיבֶּער-אַיילוּנְג אִירְרֶעט יֶעדֶער מַאנְן. דֶערוּם בֶּעדַארְף אַ „בַּעַל רוּחַ נָכוֹן״ דֶער צוּא אוֹיך אַ „רוּחַ קָדוֹשׁ״, אַ גֶעטְלִיכֶען הֵיילִיגֶען גַייסְט. אַ גָאטְס הִילְף דֶער צוּא הָאבֶּען. אָט דַאן וֶועט עֶר שׁוֹין זִיכֶער פֶערְבְּלַייבֶּען אַז זַיין רוּחַ נָכוֹן וֶועט אִיהְם נוּר

צוּם

צום גליקען גליק פיהרען. דערום בעט דוד דער צוא: „ורוח קדשך אל תקח ממני“ ד"ה: נעהם פון מיר ניט אפ דיין הייליגען גייסט דעם הימלישען.

דאכט זיך שוין אלעס גוט? ניין נאך! דען פיעל, פיעל מאהל וויל ניט דער מענש זיין לעבען אין פריוואט-גליק, אויף דעם אלטאר פון דער געזאממטהייט פון כלל וועגען, זיך אפפערן; דען ניט אלע ווילען אונ קענען זיין אזוי וויא דוד המלך געגען גלית דער ריעז פון פלשתים, דען דיא ענגאיזמוס פונ'ם קארפערליכען לעבענס-געפיהל שטעלט זיך געגען דעם „רוח-נכון“ מיט דעם „רוח-קדוש“ צוזאממען אונ דערלאזט ניט דיעזען ריעז זיך פאר א קרבן פון כלל וועגען מקריב זיין, דערום בעט דוד: „ורוח נדיבה תסמכני“, ד"ה: גיב מיר גאט, אז דיעזער בעוויליג-גייסט, וועלכער האט מיך איבערראשט אונ בעגייסטערט אין איין מאמענט, מיר א פעסטען בעשלוס געגעבען זיך פאר מיין פאלק ישראל א-נ-אפפער געבען געגען גלית, אט דיעזער „רוח-נדיבה“ זאל מיך עוויג ניט פארלאזען, „השיבה לי ששון ישעך“, קעהר מיר ווידער דיינע פריידענהילף, „אשיש כגבור לרוץ אורח“ איך זאל מיט לוסט אויפין שלאכט-פעלד וועלען לויפען, „ורוח נדיבה“, און יענער בעוויללינונס-גייסט, „תסמכני“, זאל מיך שטיטצען אונ ניט אפלאזען אימער!

ברידער! פיר געווים ווייסט איהר שוין, אז מיט דיעזע 3 זארטען גייסטען האבען אונזערע עלטערן דיא פערזאנען אין גלות בבל, וועלכע זענען אהן קרעפט אויך אהן מיליטער געווען, אהן כח אונ אהן חיל, אין דער צייט ווען זייערע הענט זענען נאך פון דיא אייזערנע קעטען פערוואונדעט געווען, דיא פיס פון דיא געקאוועטע אייזען — צעררינעט, דאך האבען זייא א פאלקסשטאלץ בעקומען זייער רעזידענצשטאדט ווידער שטעלען אונ צוריק א פאלק ווערען, מיט וואס? מיט וועמען? „לא בחיל ולא בכח כי אם ברוחי“! מיט גייסט, מיט געפיהל, מיט „רוח נכון“, „קדוש אונ נדיבה“, וואס דיא העלדען זייערע האט איבערראשט, א טיגער-שטאלץ האט אין זייא געברענט, אונ דיעזעס האט מנצח געווען יענע כותים, קאללעדין אונ פערסיאנער.

ד"ג ווייסט איהר, ברידער, פון דיא א פוקריפענ-שריפט, אז אין דער פעריאדע פון דיא חשמונאים איז ישראל זעהר א געמיין פאלק געווען, דען דיא גריכען האבען זייא ארים געשטעלט, ישראל האט קיין יודישען קעניג געהאט, אויך דיא כהנים דיא פריסטערס יענע וואס זייא האבען דיא ראללע געשפיעלט, זענען צו זייער פאלק זעהר פאלש געווען, מען האט דיא כהונה-

גְּדוֹלָה פַּאר גֶעלְט אוֹיף טָארְגֶעס פֶּערְקוֹיפְט, אִיז דָאךְ, גֶעוָואהְנְלִיךְ, אִין אַזַא צַייט דֶער פְּרָאסְטֶער פָּאבֶּעל, דֶער הֲמוֹן־עָם, אוֹיךְ נִיט גוּט אוּנ פְּרוּם גֶעוֶוען, מֶען הָאט גֶעשַׁארְלַאטַאנֶעוֶועט גָאר אוֹיף דֶער הוֹיכֶער מָאדֶע, מֶען הָאט רַק דֶעם גְרֶעק נָאכְגֶעמִישְׁט, אִיהם נָאכְגֶעטַאנְצְט, מֶען הָאט אִיהם חֲנֻ'דְלִיךְ גֶעמַאכְט, רַק גֶעוָואלְט בַּייא אִיהם זִיךְ אִין לַאסְקֶע אַיינְקוֹיפֶען, אָט דִיעזֶע מַרְשִׁיעֵי בְּרִית הָאבֶּען זַייעֶר פָאלְק צוּם שְׁטַרַאנְד גֶעבְּרַאכְט, דֶען דֶער קֶאנִיג אַנְטִיוּךְ אַפִּיפָאן אִיז אִין יָאהְר 3592 אִין יְרוּשָׁלַיִם גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט דָאס בִּיסֶעל מִינְץ פוּנ בֵּית הַמִּקְדָּשׁ אוּנ פוּן גַאנְץ רֶעזִידֶענְץ אָפְּגֶענוּמֶען, דֶעם פָאלְק גֶעוָוארְגֶען, דִיא יוּדִישֶׁע רֶעלִיגְיֶע אִין גַאנְצֶען צֶערְשְׁטֶערְט, שַׁבָּת הִיטֶען פֶערְוֶועהְרְט, „עֶט, נִישְׁקָשֶׁה — זָאגְט עֶר — הִיט זוּנְטָאג!" מַל זַיין אַ קִינְד — נִיט גֶעלָאזֶען, „פְּרַאוֶועט טְבִילָה אָנְשְׁטָאט מִילָה — זָאגְט אַנְטִיוּךְ — כְּ'לֶעבֶּען, אַ טְרָאפֶּען בְּלוּט דַארְף זַיין בַּייא אַ מֶענְשֶׁען טְהַייעֶר!" — זָאגְט עֶר —. וָואס טְהוּט דִיעזֶער גוּט פְרַיינְד וֶוען עֶר חַאפְּט אַ יוּדִין שַׁבָּת הִיטֶען אַ קִינְד מַל זַיין? עֶר פֶּערְגִיעסְט אַנְשְׁטָאט דִיא בִּיסֶעל בְּלוּט — טַייכֶען וַוייז . . .

עֶר שִׁיקְט נָאךְ זַיין פַאסְטֶער פִילִיפּ מִיט אַ שְׁטִיק טְרֵפָה קָאלְבַאס אִין הַאנְד אוּנ שְׁפַּארְט יוּדִישֶׁע קִינְדֶער אִין מוֹיל אַרַיין . . . עֶר מַאכְט: „עֶסְט אוּנ זַייט גֶעזוּנְט, קִינְדֶער! כְּ'לֶעבֶּען, דוּרְךְ דֶעם שְׁטִיקֶעל מִילָה־פְלֵייש וָואס בַּייא אַייךְ וֶועט פֶערְבְּלַייבֶּען צוּזַאמֶען מִיט דִיעזֶען שְׁטִיק קָאלְבַאס קֶענֶען דָאךְ אַייךְ פוּדִינְוַוייס גֶעזוּנְט אוּנ כֹּחַ פֶערְשַׁאפֶען. . . דָאס אִיז אַ טָאלְק אַייעֶרֶע עֶלְטֶערִינְ'ס זַאבֶּעבָאנֶעס הִיטֶען? פוּן שַׁבָּת'דִיגֶען פֶערְזוֹיעֶרְטִין טְשָׁאלִינְט אוּנ פוּן דִי טְרוּקֶענֶע יוּדִישֶׁע בֵּיינֶער פוּן מַאקְסֶע קֶען מֶען עֶפֶּעס כֹּחַ קְרִיגֶען"?!. . . עֶר שְׁטֶעלְט נָאךְ אַ אַלְטַאר אִין יֶעדֶעס שְׁטֶאדְטֶעל, גֶעבֶּען אִים 2 גְרוֹיסֶע דִיקֶע גָאלְדֶענֶע לַייכְטֶער, אִין זַייא 2 גְרָאבֶּע וֶועקְסֶענֶע לִיכְט אָנֶגעצוּנְדֶען, דִי לִיכְט טְרֶעסְקְשֶׁען, אוֹיפְ'ן אַלְטַארִיל בְּרֶענְט, גְרִיכִישֶׁע זֶעלְנֶער פַאדֶען אַרוּם אִין שְׁטֶאדְטֶעל, חַאפֶּען גְרוֹיסֶע, קְלֵיינֶע, פִיהְרֶען זֵייא־צוּ צוּם אַלְטַארִיל, גִיבֶּען אִיהְם אַ קְלֵיין פִיסִיגֶען, „נוּ — זָאגְט פִילִיפּ — מַאכְט אַ בְּרָכָה לְכָבוֹד אוּנְזֶער גָאט צֶאוּס. . . אוּנ — יוֹצֵא". אָט אַזוֹיא גֶעהְט דָאס פִילִיפְּ'ס גֶעשֶׁעפְט מִיט הַצְלָחָה, עֶר הַאפְּט אָן פִישׁ קְלֵיינֶע אוּנ גְרוֹיסֶע אִין דִיא מוּטְנֶע וַואסֶער, זַיין אַרְמִיע וֶוערְט אַלְץ גְרֶעסֶער, אוּנ יִשְׂרָאֵלְ'ס — קְלֶענֶער, זַיינֶע — שְׁטַארְקֶער, אוּנ יִשְׂרָאֵלְ'ס — שְׁוַואכֶער. בִּיז עֶר קוּמְט צוּם קְלֵיין שְׁטֶעדְטֶעלֶע „מוֹדִיעִים" אִינְ'ם יָאהְר 3594, דָארְט הָאט זִיךְ גְרַאד גֶעפוּנֶען אַ הוֹיקֶערְדִיג קְלֵיין יוּדֶעל, דַוְקָא אַ קְלֵיין כֹּהֵן, אַ בֵּן [illegible], אַ [illegible], ווִיא עֶר דֶערְוֶועהְט זֶעלְבֶע שְׁטוּצְקֶעס — אַז עֶר [illegible] [illegible], דִיא [illegible] וִויא 2 קוּלַאקֶעס שְׁוֶועבֶּען אַרוּם וִויא

פִיקְסְשְׁטֶער'ן

פִּיקְסשְׁטֶערְ'ן אִין גַארַאזָאנְט פוּן זַיינֶעם קָאפְּף דִיא גְרַייז-גְרָאעֶ, אַלֶע זַיינֶע גְלִיעדֶער וִויא דוּרְךְ גַאלְוַואנִישֶׁע-עֶלֶעקְטְרִי צוּרַייצְט, עֶר שְׁרַייט, נִיט מִיט זַיין שְׁטִימְמֶע: „מִי לַד' אֵלָי!!!" זַיינֶע 5 בָּנִים מִיט עֶטְלִיכֶע אֵיינְצִילְנֶע פְרוּמֶע, וֶועלְכֶע הָאבֶּען עֶטְוָואס אַ פַּאטְרָיאטִישׁ גֶעפִיהל, אַ פָּאלְקְס שְׁטָאלְץ, גֶעהָען הֶעלְפֶען אִיהם — מִיט; דֶער אַלְטְשִׁינְקֶער אַרְבֵּייט מַעֲשִׂים,... עֶר צֶערְשְׁטֶערְט דֶעם אַלְטַאר, בְּרֶעכְט דִיא מְנוֹרוֹת, צֶערְרַייסְט אוֹיף בְּרֶעקְלִיךְ דִיא לִיכְט זַיינֶע הֶענְט טַאנְצֶען זִיךְ שְׁטַארְק פַאנַאנְדֶער.... עֶס שִׁיטֶען זִיךְ פוּן זַייא הֵייסֶע פֶּאטְשׁ, צוּא דִיא שַׁארְלַאטַאנֶעס אִין דִי בַּאקִין אַרַיין... עֶר גֶעהְט אַזוֹי מִיט זַיין מִנְיָן מֶענְשֶׁען פוּן שְׁטָאדְט צוּא שְׁטָאדְט: מִיט זַיין לִינְקֶע הַאנְד שְׁנֶעלְט עֶר אַוֶועק אַלֶע אַלְטַארִין אוּנ מִיט דֶער רֶעכְטֶער — זַיינֶע שְׁלֶעכְטֶע בְּרִידֶער... עֶר מַאכְט אַ וֶועג, קַאמַאנְדֶעוֶועט אָפּ אַ יָאהר צֵייט — עֶר נִיט אִיבֶּער אֶרְדֶענוּנְג זַיין זָאהן יְהוּדָה אוּנ — שְׁטַארְבְּט אָפּ...

אוּנ אָט אַזוֹי אִיז גֶעוָוארֶען אַ חֲנֻכָּה!...

נוּ, בְּרִידֶער! טָא זָאגְט אִיהר יֶעצְט: וֶוער הָאט דֶעם „נֵס-חֲנֻכָּה" פֶערְשַׁאפְט? וֶוער אִיז דֶער „גְלַאוּוֶנֶער גֶערָאי" וָואס הָאט יֶענֶע רָאלְלֶע גֶעשְׁפִּיעלְט? דֶער פָּאטֶער צִי דִיא קִינְדֶער? מַתִּתְיָהוּ צִי יְהוּדָה אוּנ דִי בְּרִידֶער? יָא דִיא קִינְדֶער הָאבֶּען גֶעטָאהְן, אָבֶּער דוּרְךְ וֶועמֶען? וֶוער הָאט זַייא אַ „וֶועג" בֶּעוִויזֶען? וֶוער הָאט זַייא אַזַא פֶּעדַאגָאגִישֶׁע גֶעגֶעבֶּען? וָוער הָאט אִין זַייא אַ „רוּחַ נָכוֹן", „קָדוֹשׁ" וְ„נָדִיב" אַרַיינְגֶעבְּלָאזֶען? אִיז נִיט דֶער „אַלְטֶער מַתִּתְיָהוּ"? עֶר, נָאר עֶר!...

דֶער פוּן אִיז אוּנְז אַ גוּט בַּיישְׁפִּיעל צוּ נֶעהְמֶען, אַז „כָּל הָרָגִיל", יֶעדֶער פָּאטֶער וָואס אִיז גֶעוָואהְנְט „בְּנֵר חֲנֻכָּה", עֶר אַרְבֵּייט שְׁטֶענְדִיג אִין זַיין לֶעבֶּען זַיינֶע קִינְדֶער צוּא מְחַנֵּךְ זַיין, אִין זַייא דֶעם לִיכְט פוּן גְלוֹיבֶּען, נֵר מִצְוָה וְאוֹר תּוֹרָה אָנְצִינְדֶען, דֶעם פוּנְק פוּן פָאלְקְס שְׁטָאלְץ, דֶעם „רוּחַ נָכוֹן" אוּנ „נְדִיבָה" אִין זַייא פֶערְפְלַאנְצֶען, קֶען עֶר טַאקִי זִיכֶער זַיין אַז „הֲוִין לֵיהּ" בַּייא אִיהם וֶועט זַיין „בָּנִים תַּלְמִידֵי חֲכָמִים", קִינְדֶער קְלוּגֶע אִין חָכְמַת הַתּוֹרָה, לַייטִישֶׁע, פַּאטְרִיאטִישֶׁע, פְרוּמֶע, גוּטֶע, נוּצְלִיכֶע פַארְן נַאצְיָאן אוּנ רֶעלִיגְיָאן, פַאר גָאט אוּנ לַייט...

אָט דִיזֶער גֶעדַאנְק וֶוערְט לָאגִישׁ בֶּעשְׁרִיבֶּען אִין'ם נוֹסַח וָואס דִיזֶע חַשְׁמוֹנָאִים הָאבֶּען פַאר אוּנְז אִין סִדּוּר גֶעשְׁטֶעלְט. דִיזֶער נוֹסַח דֶערְצֶעהְלְט אוּנ לֶערְנְט אוּנְז: אַז מִיר זָאלֶען קֵיין טָעוּת נִיט הָאבֶּען זָא וִויא דֶער הָמוֹן מֵיינְט, אַז נָאר יְהוּדָה הַמַּכַּבִּי אִיז טַאקִי אַ גִבּוֹר אִין קְרַאפְט, אַ גוּר אַרְיֵה אִיז יְהוּדָה גֶעוֶוען פְרָאכְט פֶערְפֶערְלִיךְ, וִויא עֶס טְרֶעפְט אַז אַזַא גֶערָאי

קעמפפט

קאַמפּפֿט מיט אַ קליין אַרמיע זיין פֿיינד װעלכער האָט פֿיעל חיל אָבער װעניג כּח אונ מח, — ניין, ברידער! — שרייט אונז דיעזער על הנסים — דען נאָך זייערע רייד האָט דאָך בעדאַרפֿט דיעזער נוסח, דיעזער שילד אויף יהודה'ס נאָמען געהן, עס האָט בעדאַרפֿט בעשריבען זיין: בימי יהודה החשמונאי ואחיו וגו' ? ניין! דער „פּאַטער", דער קליין מענשעלע מיט זיין סיגערליכען גייסט, דיעזער אַלטשינקער מיט זיין „רוח נכון", „קדוש" ו„נדיבה", מיט זיין פּעדאַגאָגיק דיא קינדער, אָט ער האָט דיעזע ראָללע געשפּיעלט! ער איז דער גערעכטער דער הימלישער געװען, אונ אויף זיין נאָמען הייסט יענע גאַנצע עפּאָכע מיט דעם נצחון, זיינעם אונ דיא קינדערש דערנאָך, דען: בימי מתתיהו החשמונאי ובניו כשעמד עליהם מלכות יון הרשעה, ער האָט געװאָלט זייא פֿון רעליגיאָן אונ נאַציאָן פֿערניכטען, דאַן קעמפּפֿען דיא „חלשים (אָהן כח קאָרפּערליכען) מיט דיא גבורים; דיא מעטים (אין צאָהל, אָהן חיל) — את הרבים; דען דיעזע חלשים אונ מעטים זענען אָבער „טהורים" (מענער מיט אַ לב טהור אונ „רוח נכון") געװען; „צדיקים" (קדושים מיט אַ „רוח קדוש" וטהור) געװען; אונ „עוסקים בתורה" (טאַקי נור לשמה, פֿון פֿאָלקס װעגען, רעליגיאָן - אונ-נאַציאָנאַלס - גייסט צו ערפֿינדען, ניט קיינע ענגאָאיסטען געװען, פֿאַר'ן כּלל זיך געאָפּפֿערט, אַ „רוח נדיבה" געהאַט); געגענשטאַנד פֿון יענע גריכען דיא גבורים מיט פֿיעל כּח אונ חיל אָבער מיט װעניג גייסט, אָהן פּאַטריאָטיזום, שלעכטע, „רשעים" צו גאָט אונ לייט געװען; „טמאים" — פֿוילע, פֿאַלשע מענשען, אידיאָטען, לעדיגגעהער, ניט קיינע „עוסקים בתורה" אונ השׂכּלה; דען װאָס העלפֿט דער קראַפֿט פֿונ'ם לעװ, זיין גראָסאַרטיגער קאָרפּער, װען דער פּראַכטפּאָללער קליין טיגער דער גרויס גייסטליכער גערעכטער לאָזט אויף איהם זיינע נאָגעל אונ צאָהן פֿאַנאַנדער?...

אָט אַזוי האָט מתתיהו מיט זיינע קינדער נאָך איהם געזיגט! אָט אַזוי האָבען זייא אַ „שם גדול" פֿאַר גאָט, פֿאַר זיך אונ זייער פֿאָלק פֿערשאַפֿט! װיא װאויל אונ גוט איז זייא!!

„ואחר כן באו בניך לדביר ביתך, ופנו את היכלך והדליקו נרות בחצרות קדשך, וקבעו שמונת ימי חנכה אלו להודות ולהלל לשמך הגדול" ענדיגען מיר, ד"ה: יהודה מיט דיא יהודים זענען אין גאַנץ פֿאַלאַץ געקומען, זייא האָבען דיז גריכישע שמוטץ צונעמען, אַלימינאַציאָנאַלליכט אין זיינע הויפֿען געצונדען, אונ זייא האָבען בעשטימט דיזע 8 טעג אויף אַ עװיגען אַנדענק, אין זייא גאָט דאַנקען אונ לויבען.

דיעזע בעלייכטונג האָט אויך עללינאָריש באַװיזען, אַזוי װיא אַנדערע תלמודיסטען

תלמודיסטען דערצעהלען אונז (שבת כב׳) „אז מען האט דאמאלס אין בית המקדש א קליין לויטענעם קרינגעלע מיט שמן זית געפונען, און איהם איז נור אויף 1 נאכט אין דער מנורה ברענען געוועזן, איז אבער אין איהם א נס געשעהן: עס האט פון איהם אויף גאנצע 8 נאכט געקלעקט״. דאס מיינט מען:

וויא אונז אלעמען איז היינט בעוואוסט פון דיא קונסטליכע לאמפעס וואס מען האט אין דיא לעצטע יאהרען ערפונדען, וועלכע מאדנע בליטצ-לאמפעס גאנץ פראכט בעארבייטעט, איינפאכיג, ביליג אונ שפארזאמיג, אי וואלוויל אי גוט, פאר א קליין פרייז עלעקטרע קען מען גאנץ פאריז בעלייכטען; נאכט זיך גאר א קליין קנויט, א קליין לעמפעל מיט א ביסעל גאז, אבער זויבערער, דעסטאלירטער, ריינער, קלארער, אלזא גיט דאס הונדערטער מאהל זא פיעל ליכטיגקייט פון פערצייטיגע אלייניצעס הלב׳גע, וועקסענע, דיקע, גראבע ליכט אונ קנויט, פון דיא יענע אלטפרייניקישע פאנארין מיט זייערע קאדילניצעס, לייכטער אונ מנורות מיט פיעל רעהרין די גאלדענע, וועלכע האבען פיעל געקאסט דיא כלים מיט דעם בוימאהל אונ ליכט צו זאמען, אונ ליכטיגקייט — האט דאס געגעבען עטוואס. דאס גלייכען איז דער אונטערשיעד פון דיא פערצייטיגע אויפפיהרונג אין זיטטען אונ רעליגיאן דיא גריכען, רוימער, פיניקער אונ ד״ג — צוא דער יודישער אמונה: דען דיא ערשטע האבען נאר גרויס פאראד מיט זייערע פיעל בעפוצטען זייערע לאמפעס געמאכט: דיא אוסעס וויא א שלשלת אויס-געדרעהט, דעם ראק וויא א ראק אויף הינטען פערווארפען, אונ דיא גלאקער! א פראכט! עס גרילצט אין דיא אויהערן ... עס גלאנצען דיא מנורות, עס טריעפט גאלד אין אלע ווינקעלעך ... אונ דער פייעריל אבער? א פולע בוימאהל אונ א קלייגער פלאמם! פינצטער אין די פענצטער, חשך אין דיא אויגען, עס רויכערט, עס שטיקט, דען דער בוימאהל איז געדיכט, ברודנע, שמוטציג, עס עקילט כ׳לעבען; אונ ברענען ברענט דאס האסטיג, דיא פעטס וועדט פערניכטעט אין א קליין צייט, עס לויפט, עס שפרינגט אין אלע זייטען זואריעס, זעהר זוריג ... דיא בלום ... דער ליקסום ... עס ענדיגט זיך אבער גאנץ גיך ... אונ — א ראפ פון מארק.

ניט אזויא איז אבער יהודה-המכבי״ם נר תורה ואור מצוה! א קליין קרינגעלע, א ביסעל בוימאהל-גאז, א דינן קנויטעלע — אבער זויבערע עקסטראקט, זעהר זויבער אונ ריין, טהור, קדוש, עדעל אונ גוט ... עס ברענט לאנגזאם שטיל, ארענטליך ... א קונסטליך מאדנע וואלוויעל

לָאמְפֶּעלֶע ! „אַל תִּסְתַּכֵּל בְּקַנְקַן אֶלָּא בְּמָה שֶׁיֶּשׁ בּוֹ״ — זָאגְט דֶער תַּנָּא אִין אָבוֹת —, דֶען דִיזֶער פַּךְ הַשֶּׁמֶן, וָואס דִיא שַׁארְלַאטַאנֶעס הָאבֶּען אִיהם נוּר אוֹיף 1 נַאכְט לֶעבֶּען אוּנ לִיכְט אָפְּגֶעשֶׁעצְט, זַייא הָאבֶּען אִיהְם נוּר בִּיז נָאךְ דֶעם כַּלְדֵייֶעשִׁין גָלוּת-נאכְט לֶעבֶּען גֶעגֶעבֶּען . „עֶר וֶועט מֶעהְר פוּן דִיעזֶער נַאכְט נִיט לַייכְטֶען״ הָאבֶּען זַייא גֶעזָאגְט, דֶערוּם זֶענֶען זַייא צוּא יֶענֶע פְּרֶעמְדֶע גָאלֶדענֶע מְנוֹרוֹת מִיט חֵשֶׁק גֶעלָאפֶּען. עֶרְשְׁט יֶעצְט הָאבֶּען זַייא עֶרְקוּנְדִיגְט פוּנְ׳ם סִיקְרֶעט אוּנ קִינְסְטֶע וָואס אִין דִיעזֶען פְּרָאסְט קְלֵיין קְרִיגֶעלֶע לִיגְט, מִיט וָואס עֶר הָאט בִּיז יֶעצְט עֶקְסֶעסְטִירְט, זַייא הָאבֶּען דֶערְזֶעהְן, אַז אַזַא פַייֶערִיל קֶען בְּרֶענֶען אוּנ בֶּרֶענֶען, נִיט נָאר 1 נַאכְט, נַייֶערְט אוֹיךְ 8-נֶעכְט, אַזוֹי וִויא אִין קָאלֶעדִין, ד״ג אִין פֶּערְסִיֶען, גְרִיכֶען, רוּים, שְׁפַּאנִיֶען פָּארְטוּגַאלִיֶען, רוּמֶענִיֶען אוּנ מַארָאקְקֶעוּ .

אַלְזָא, בֶּעדַארְפֶען דִיא יְהוּדִים גָאט דַאנְקֶען, פַאר דִיעזֶען קְרִיגֶעלֶע וָואס אִיז מִיט דֶעם זִיגֶעל פוּנְ׳ם כֹּהֵן גָדוֹל, הָאֵל הַגָדוֹל, מִיט זַיינֶע חֲכָמִים דִיא גְדוֹלִים, פֶערְזִיגֶעלְט אַזַא לַאנְגֶע צַייט, אַז דִיזֶע 8-טָאנְצֶער הָאבֶּען זַיין בּוּימְאֶהל נִיט מִיט אַ פִינְגֶער בֶּערִיהְרְט אִיהם צוּ בֶּעשְׁמוּטְצֶען, עֶר אִיז פֶערְבְּלִיעבֶּען רֵיין אוּנ לִיכְטִיג, עֶר בְּרֶענְט דָאךְ אַ מְחַיֶּה נְפָשׁוֹת ! . . .

דֶערוּם מַאכֶען מִיר טַאקִי דִיא בְּרָכָה :

„בָּרוּךְ — שֶׁהֶחֱיָינוּ וְקִיְּמָנוּ וְהִגִּיעָנוּ לַזְּמַן הַזֶּה !״

אוּנ אִיהר, בְּרִידֶער, אַנְטְוָוארְט : אָמֵן !

---

# הטפה ששית לרביעי באדר התרנ״ז .

590 יָאהְר נָאךְ דֶעם מַהֲרַ״ם פוּן רוּטֶענְבֶּערְגְ׳ס צוּא קֶבֶר יִשְׂרָאֵל קוּמֶען אִין יָאהְר ה-ס״ז 4-טֶען אֲדָר . — דֶער בַּארְג אוּנ דֶער טָאהְל . —

מִיר פַאנְגֶען הַיינְט אָן מִיט דֶעם זֶעלְבֶּען מַאֲמָר וָואס דֶער אֲמוֹרָא רַב נַחְמָן בַּר יִצְחָק הָאט אָנְגֶעפַאנְגֶן אִין זַיין פָארְרֶעדֶע צוּא מְגִלַּת אֶסְתֵּר (מסכת מגלה ד׳ יד) מִיט דֶעם שִׁיר-הַמַּעֲלוֹת (קאפיטל 124) : „שִׁיר הַמַּעֲלוֹת — לוּלֵי ד׳ שֶׁהָיָה לָנוּ יֹאמַר נָא יִשְׂרָאֵל, לוּלֵי ד׳ שֶׁהָיָה לָנוּ בְּקוּם עָלֵינוּ אָדָם וגו׳, אָדָם וְלֹא מֶלֶךְ,״ ד . ה . הָמָן נִיט אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, בִּיז עֶנְדֶע מִזְמוֹר .

דִיזֶע וָוארְטֶען אִין דִיעזֶען מִזְמוֹר אִיז גֶעדָאפֶּעלְט : „לוּלֵי״ ? „נַפְשֵׁינוּ״ ד.ג. „נַפְשֵׁינוּ״ ?

לִיעבֶּע בְּרִידֶער! מִיט מַיין גַאנְצֶען וִוילֶען וָואלְט אִיךְ עֶרְשְׁט צוּ פְרִידֶען גֶעוֶועזֶען, אִיךְ וָואלְט גֶעקֶענְט אַייךְ דֶעם! בֵּאוּר פוּן דִיעזֶען קַאפִּיטְל אִין קוּרְצֶען אִיבֶּערְגֶעבֶּען, נוּר אִיהר קֶענְט מִיר טְרוֹיֶען, אַז וִויא אִיךְ זָאל מִיךְ בֶּעמִיהֶען מְקַצֵּר זַיין, בִּין אִיךְ אַלְץ גֶעדְרִיקְט אַייךְ דָא חָאטְשׁ אֵיין הַקְדָמָה, חָאטְשׁ נָאךְ 1 קוּרְצֶע פָארְרֶעדֶע אַייךְ גֶעבֶּען, דָאךְ וַוייל אִיךְ מִיךְ בֶּעמִיהֶען עֶרְקִירְצֶען מִיט אַלֶע מֶעגְלִיכְקֵייט.—

אִין מַסֶּכֶת מְגִילָה (ד׳ יד) וֶוערְט גֶעבְּרַאכְט אַ קְלֵיין קְלוּגֶע שַׁארְפְזִינִיגֶע רֶעדֶע פוּנ׳ם רֶעדְנֶער ר׳ אַבָּא בַּר כַּהֲנָא; עֶר זָאגְט: אוֹיף דֶעם פָּסוּק „וַיֹּאמֶר הַמֶּלֶךְ לְהָמָן הַכֶּסֶף נָתוּן לָךְ וְהָעָם לַעֲשׂוֹת בּוֹ כַּטּוֹב בְּעֵינֶיךָ״, זָאגְט דִיעזֶער ר׳ אַבָּא: אַחַשְׁוֵרוֹשׁ מִיט הָמָן זֶענֶען וִויא יֶענֶע 2 פַאמֶעעֶשְׁצִיקֶעס: בַּייא אֵיינֶעם אִיז אַ „בַּארְג״ אִין זַיין פֶעלְד, בַּייא דֶעם צְוֵוייטֶען אַ „גְרָאבִּין״, דֶער זָאגְט: אַךְ, וִויא בֶּעקוּם אִיךְ יֶענֶעמְס גְרָאבִּין? אִיךְ וָואלְט דָאךְ הִינְ מַיין בַּארְג גֶעוָוארְפֶען? דֶער צְוֵוייטֶער זָאגְט אוֹיךְ פַאר זִיךְ, גֶעגֶענְשְׁטַאנְד: וִויא בֶּעקוּם אִיךְ דִיעזֶע בַּארְג? אִיךְ וָואלְט דָאךְ מִיט אִיהר מַיין גְרוּב פֶערְשָׁאטֶען?—מִיט דֶער צַייט הָאבֶּען זַייא זִיךְ בַּאנַאנְד צוּ זַאמֶענְגֶערֶעדְט, אַךְ!—זָאגֶען זַייא בֵּיידֶע—גוּט וָואס מֶען רֶעדְט זִיךְ דוּרְךְ, אַ גְלַייכֶער שִׁידוּךְ כְּ׳לֶעבֶּען!—

דָאס גְלַייכֶען אִיז אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ מִיט הָמָנֶ׳ען גֶעוֶועזֶען, זַייא הָאבֶּען זִיךְ דוּרְכְגֶערֶעדְט, עֶרְשְׁט בֵּיידֶע שְׁטִימֶען מַאקֶע גְלַייךְ אִין אִידֶעאַל וֶועגֶען דִיא יוּדִין. „אַךְ! מַאכְט אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ—אִיךְ שֶׁענְק דִיר זַייא בְּמַתָּנָה גְמוּרָה, אִיךְ בֶּעדַארְף זַייא אוֹיף כַּפָּרוֹת! אִיךְ הָאבּ תָּמִיד גֶעקְלֶערְט וִויא וֶוערְט מֶען פוּן זַייא פָּטוּר, גוּט, נֶעהְם זַייא, אַךְ!״

אוּנְז אִיז אִינְטֶערֶעסַאנְטֶע פֶערְשְׁטֶעהְן, וָואס אִיז אִין נִמְשָׁל דָא דִיא „בַּארְג״ מִיט דֶעם „טָאהְל״?

דֶערְמֵיין פוּן דֶער אַגָּדָה אִיז אָבֶּער פָּשׁוּט, קוּרְץ אוּנ פַּאקְטֶעשׁ, אֱמֶת לָאגִישׁ:

אַלֶעמֶען אִיז בֶּעוואוּסְט אַז אִין שְׁפַּאנְיֶען, אִין פּוֹרְטוּגַאל אַז מֶען הָאט דִיא אֲנוּסִים גֶעיָאגְט, טָאג טֶעגְלִיךְ זַייא פֶערְאוּרְטְהֵיילְט הוּנְדֶערְטֶער נָאךְ אַ בַּאנְד, פַאר וָואס? מֶען הָאט זַייא אֶפְשַׁר גֶעחַאפְּט נִיט הִיטֶענְדִיג דֶעם נַייֶעם גְלוֹיבֶּען, זֶענֶען נוּר דִיא עֶרְשְׁטֶע אֶפְשֶׁר נִיט גֶעהִיט גֶעוֶועזֶען, אָבֶּער דִיא לֶעצְטֶע אוּנ מִיטֶעלֶע? נוּר מֶען הָאט זִיךְ פְרָאסְט בִּלְבּוּלִים גֶעזוּכְט, וַוייל מֶען הָאט בַּייא זַייא דֶעם רֵיחַ מַטְבֵּעַ דֶערְשְׁמֶעקְט ... ד״ג אִין צָרְפַת, אִין אַשְׁכְּנַז, אִין דֶער מִיטְטֶעל-אַלְטֶער, דִיא גְרוֹיסֶע עֲלִילוֹת, מִיט דִיא קָאפְּף-צָאהְלוּנְגֶען

אוֹיף

אויף יוּדִין, אִיז אַלֶעס גָאר פָּשׁוּט נוּר פוּן דֶער מַטְבֵּעַ וֶועגֶען גֶעוֶוען, דֶער ר' יוּדִיל הָאט שׁוֹין לַאנְג דִיא מִדָה מְגוּנָה פוּן אַלֶע עֶבְט מָאדֶעס גֶעהַאט, זִיךְ פּוּטְצֶען, דִיא פְרוֹי מִיט דִיא קִינְדֶער דִיא קָאקֶעטְקֶעס וִויא פַּאנֶעס בַּאפּוּטְצֶען, גָאלְד אוּנ סַאמֶעט בֶּאנוּטְצֶען, אִין שְׁטוּב אוֹיךְ ד"ג, אַלֶעס בַּאפּוּטְצְט, עֶס גְלַאנְצְט אִין אַלֶע ווִינְקֶעלֶעךְ, נוּא, אִיז דָאךְ דָא מִסְתָּמָא גָאלְדֶענֶע „בֶּערְג" פְרַאן! נוּא—זָאגֶען דִיא סְפָרָדִים—בֶּעדַארְפֶען מִיר זֵייא פְּרוּוֶוען שְׁמֶעלְצֶען!....

דִיא קִנְאָה אוֹיפְ'ן „תֵּל" הָאט זִיךְ צוּהִיטְצְט, מֶען הָאט גֶעצוּנְדֶען קָאסְטְיָארֶען, אִינְקְווִיזִיצְיָאנֶען, אוּנ מֶען הָאט יוּדְלֶען גֶעשְׁמָאלְצֶען... דֶערְצוּא-אוֹיךְ נַאלָאגִין, צִינְזֶען גֶעהֶאבֶּערְט, מֶען הָאט פוּנְ'ם תֵּל זָהָב אַ תֵּל עֶרְד אוּנ אַשׁ גֶעמַאכְט, זָא וִויא אִין מִצְרַיִם: „וַיָשִׂימוּ עָלָיו שָׂרֵי מִסִים לְמַעַן עַנוֹתוֹ בְּסִבְלוֹתָם" גֶעגֶענְשְׁטַאנְד אִיז גֶעוֶוען זֶעלְבֶּע יוּדֶעפָּאבִּין וֶועלְבֶּע הָאבֶּען אִיהם צֶעהֶען קְלַאפְּטֶער אִין דֶער עֶרְד, אִין גְרוּב גֶעוָואלְט וַוארְפֶען, זֵייא צוּ פֶערְהַאסְסֶען, זֵיי צוּ מַאכֶען אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶער מְלוּכָה פַאר אַ נִיכְט טֵייגֶענִיכְטְס, פַאר אַ פוֹילֶען יוּנְג, נִיט יִשְׂרָאֵל הָאט פֶעהִיגְקֵייט, נִיט קָאפְּף, נִיט גֶעלְט, נִיט עֶר גִיט נוּטְץ וֶועמֶען, עֶר אִיז נוּר אַ אוֹיסְוואוּרְף עֶרְגֶער פוּן אַ צִיגַיינֶער, אַ שְׁלֶעפֶּער, אַ גַנָב, מִיט אַ גְרָאבֶּען חַארַאקְטֶער, זָא וִויא הָמָן הָאט גֶעזָאגְט „יֶשְׁנוֹ עַם אֶחָד מְפוּזָר וּמְפוֹרָד בֵּין הָעַמִים" אַ פָאלְק אָהן עֶרְד, אָהן אַ שְׁטִיקֶעל גְרוּנְד צוּ זַיין לֶעבֶּען, אַיין אַרוּמְוַואנְדְלֶער, אַ פֶּעדְלֶער, אַ שְׁמַאטֶעס הַאנְדְלֶער, אַ סְחַר-מַאכֶער'נִיק, פוּן אַלֶע גְנֵבוֹת, ז. וו., „וְדָתֵיהֶם שׁוֹנוֹת מִכָּל עָם". עֶר הָמָן הָאט גֶעמֵיינְט מִיט דִיא וָוארְטֶען נָאכְדֶעם עֶרְקְלֶערוּנְג פוּן דִי חַכְמֵי הַתַּלְמוּד—„דְמַפְּקִין לְכוּלָה שַׁתָּא בשה"י פה"י (שבת היום פסח היום) ד. ה. זֵייא טְהוּעֶן נִיט גְלַייךְ מִיט מֶענְשֶׁען אוּנ עֶסֶען נִיט וִויא מֶענְשֶׁען, אַ גַאנְצֶע וָואךְ, מֶען קְלַייבְּט נוּר אוֹיף שַׁבָּת אוּנ יוֹם טוֹב, זֵייעֶר חַארַאקְטֶער אִיז גְרָאבּ, זֵיי קֶענֶען אַזוֹינְס פֶערְטְרָאגֶען, „וְלֹא יַהְבוּ כַּרְגָא לְמַלְכָּא" „וְאֶת דָתֵי הַמֶלֶךְ אֵינָם עוֹשִׂים" אוֹיף צִינְזֶען, קָאפְּף-גֶעלְט גֶעבֶּען אִיז נִיטָא! דֶענְן פוּן וַואנֶען זָאל זַיין? אַז, אַרְבֶּעט? נִיט מֶען וִויל, נִיט מֶען קֶען! דֶען זֵייא זֶענֶען דָאךְ פִירְשְׁטְלִיכֶע קִינְדֶער, „בְּנֵי חוֹרִין", אַ שְׁפַּאס דִיא אֵיינִיקְלֶעךְ פוּן מִצְרַיִם'שֶׁע צִיגֶעל-מַאכֶער לֵעהְם-קְנֶעטֶער! שַׁבָּת—זֵכֶר לִיצִיאַת מִצְרָיִם, פֶּסַח—קֵיין רֶעד נִיט! קוּגֶלֶען אוּנ קְנֵיידְלֶעךְ מוּז מֶען עֶסֶען שַׁבָּת, פֶּסַח; טָא פוּן וַואנֶען זָאלִין זֵייא אוֹיף נַאלָאגִין הָאבֶּען? לָכֵן אִיז „וְלַמֶלֶךְ אֵין שׁוֶֹה לְהַנִיחָם"! זֵייא זֶענֶען נִיט וֶוערְטְה וָואס דִיא עֶרְד הַאלְט זֵייא אוֹיף זִיךְ!... „אִם עַל הַמֶלֶךְ

כוב

טוב יכתב לאבדם״, פערשיטט, בעגראבט זייא צעהן קלאפטער, דיעזע שפלים שבשפלים, דיעזען „חריץ״!...

וועלכע 2 זארטין אנטיסימיטען זעהען מיר אויך אין אשכנז, אין דייטשלאנד, מיט 600 יאהר צוריק. הערט אויס א קליין געשמאק אמת מעשה׳לע וואס האט דארט א מאהל געקענט פאסירין!:

אינ׳ם יאהר 5046 (נאך אונזער רעכנונג) האט דער קאניג פון אשכנז „רודאלף״ א „מטבע״ בעדארפט האבען. וויא בעקומט מען אבער? איז דאך דא דער גאלדענער בארג דער תל-היהודי... אט דא איז א ארטיל צו בעקומען! איז דאך אבער א עסק „שרי מסים״-געהאלט געבען? פאלט אויס דיעזען אחשורוש אויפ׳ן זינן א המצאה: אידין האבען דאך רבנים, אונ אויף אלעם איז דאך דא א אבער-ראבינער, ער איז דאך א האכשעטצענדער מאנן, א מדינה-חכם דערצו, בכן בעדארף מען אויף איהם דעם אפצאהל ווארפען ער זאל זיין זשירע געבען, אונ אידין וועלען שוין זייער גרעסטען מאנן ניט לאזען פאלען אין זיינע ערבות, מען וועט געלט וויא בינען האניג טראגען! — דיעזער אבער-ראבבינער האט געהייסען מיט זיין נאמען „רבי מאיר״, זיין וואהנונג איז געוועזען אין שטאדט „רוטענבורג״, זיינע תלמידים זיינען אונז אלעמען בעקאנט, מיט זייערע נאמען אונ ספרים ספרי-הפוסקים וואס זייא האבען פערפאסט: וויא דער רא״ש, דער תשב״ץ, דער הגהות מיימוני (וואס אויפ׳ן רמב״ם יד-החזקה), דער מרדכי (אויפ׳ן אלפס) ד״ג. וויא רבינו מאיר האט אזוינס דערשפירט, קלערט ער זיך: „איך ווייס, אז איך האב קיינע מיטטעל דעם אומנאטירליכען נאלאג אויף מיין פאלק דיא געמיינע פערשאפפען״! דאן איז ביי איהם מיט אלע דייטשישע יודישע געמיינדען געבליעבען: קיין ארץ-ישראל אפציהען. — ער האט פיס געמאכט, אונ איז ביז דער שטאט לומבארד געקומען. דארט אבער, איז גראד דורכגעפאהרען דער „בישאף״ מיט זיין אטינאנט דער מומר „קניפפע״, ער האט דעם רב דערקענט, אונ האט איהם אין קייטין געקאוועט אונ איהם צום גובערנער מיינהארד איבערגעגעבען. דער גובערנער האט איהם וויא א פאליטיש פערברעכער אין קייזערליכע טהורמע וואס אין שטאדט „וואססערבערג״ צו געשטעלט, נאכהער אין שטאדט „אלזאס״ איהם איבערגעזעטצט. מען בעט געלט, וועט מען דעם רבי׳ן בעפרייען. נור ר׳ מאיר פערזאגט שטרענג דיא אידין: אז מען זאלל קיין דרך דעם בעל התל ניט ווייזען, דען ער וועט זיך באלעקען, אונ וועט מהיום והלאה ווידער דיא יודישע מטבע דערשמעקען...

גאט.

נָאטּ גִיט אִיהם לְחֵן וּלְחֶסֶד אִין דִיא אוֹיגֶען פוּן סְמַאטְרִיטִיל פוּן טְהוֹרְמֶע, עֶר לָאזְט אִיהם דָארְט לֶערְנֶען, מִיט זַיינֶע זֶעלְטֶענֶע שִׁילֶער, עֶר אִיז מוּנְטֶער פְרֶעהְלִיךְ, עֶר לֶערִינְט, שְׁרַייבְּט סְפָרִים, זָאגְט תְּהִלִּים מִיט עֶנֶערְגִיֶע, פָּאעֶטִישׁ, עֶר זִינְגְט: „שִׁיר הַמַּעֲלוֹת לוּלֵי ד׳ שֶׁהָיָה לָנוּ בְּקוּם עָלֵינוּ אָדָם, אָדָם וְלֹא מֶלֶךְ" דֶען דֶער קֶאנִיג זֶעלְבְּסְט הָאט מִיךְ מִיט מַיין פָאלְק פַאר אַ „תֵּל" גֶעמַאכְט, פַאר גְרוֹיס גֶעשֶׁעטְצְט, דֶער בִּישָׁאף אָבֶּער, דֶער אַטִינַאנְט זַיינֶער, אוּנ דֶער גוּבֶּערְנֶער, דִיעזֶע הָאבֶּען מִיךְ פַאר אַ „חֵרִיץ", פַאר אַ שָׁפֵל גֶעמַאכְט, גֶעבּוּנְדֶען, גֶעקָאוֶועט, אִין טְהוֹרְמֶע גֶעוָוארְפֶען, וָואלְט נִיט גָאטט מִיט אוּנְז גֶעוֶועז „אֲזַי חַיִּים בְּלָעוּנוּ בַּחֲרוֹת אַפָּם בָּנוּ, אֲזַי הַמַּיִם שְׁטָפוּנוּ, נַחְלָה עָבַר עַל נַפְשֵׁינוּ", אַ דַאנְק דִיר, עֶווִיגֶער, פַאר אַלֶעס! וִויא דוּא פִירְסְט אַזוֹיא אִיז גוּט! דֶען אַז אִיךְ בִּין אַ אָבֶּער-רַאבִּינֶער גֶעוֶוען בִּין אִיךְ שְׁטֶענְדִיג בַּאשֶׁעפְטִיגְט מִיט צָרְכֵי הַצִּבּוּר גֶעוֶוען, צִינְזֶען זַאמְלֶען, אִיךְ הָאבּ קַיינֶע צַייט גֶעהַאט פוּנְ׳ם תַּלְמוּד דִיא עִיקְרֵי הַדִּינִים, דִיא מִנְהָגִים אוֹיפְ׳ן פַּאפִּיר צוּזַאמֶענְשְׁטֶעלֶען; וִויא אִיךְ זֶעה, שַׁיינְט מִיר, אַז בַּייא מַיין פָאלְק וֶועט וַוייטֶער, וַוייטֶער פִינְצְטֶערֶער וֶוערֶען! (וויא דיא הַארץ הָאט איהם גֶעזָאגט) מַיין קֶארְפֶּער וֶועט צוּדֶער גְרַאבֶּע שְׁטִירְצֶען, אוּנ מִיט מִיר מַיין תּוֹרָה, אוּנ מַיין פָאלְק וֶועלֶען גֶעבֶּעךְ מִיט זַייעֶר זֶעלֶע אוּנ רֶעלִיגְיֶע צוּזַאמֶען שְׁטַארְבֶּען, דֶען דֶעם רמב״ם סְפָרִים הָאט מֶען אִין מַיין צַייט אִין אָנְפַאנְג 6-טֶען טוֹיזֶענְד, אִין פְרַאנְצְיֶע, אִין מִיטֶען גַאס גֶעבְּרֶענְט, דֶעם תַּלְמוּד אוֹיךְ דָאס גְלַייכֶען; אִיךְ זֶעלְבְּסְט הָאבּ אוֹיף דִיעזֶע גַייסְטְלִיכֶע שְׂרֵפָה אַ קִינָה „שַׁאֲלִי שְׂרוּפָה בָּאֵשׁ" פֶערְפַאסְט; קַיין בֶּעשְׁטִימְטֶע סְפָרִים, אִין קוּרְצִין אַלֶע דִינִים, קַיין גֶעשְׁרִיבֶּען סֵפֶר אוֹיף יוּדִישֶׁע מִנְהָגִים — אִיז נָאךְ נִיטָא! טָא וָואס קֶען זַיין פוּן אַזַא בִּיטֶער פָאלְק? אָט יֶעצְט בִּין אִיךְ עֶרְשְׁט רוּהִיג - זָאגְט רַבֵּנוּ מֵאִיר — יֶעצְט קֶען אִיךְ עֶטְוָואס שְׁרַייבֶּען, עֶטְוָואס לָאזֶען אַ אַנְדֶענְק פִיר דִיא קִינְפְטִיגֶע דוֹרוֹת, וִויא פַאר יוּדֶען אוֹיף עֶווִיג דֶערְהַאלְטֶען . . . (ער ענדיגט מיט דיא ווארטען): „עֶזְרִי מֵעִם ד׳ עוֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ", נִישְׁטָא קְשְׁיָא! גָאטט הֶעלְפְט דִיא וָואס שְׁטִיצֶען זִיךְ אוֹיף אִיהְם, זָאלֶען זַייא הִיטֶען בַּייא דִיא אַנְטִיסֶעמִיטֶען: בַּארְג, הִימֶעל, זָאלֶען זַייא הַייסֶען: טְהָאל, עֶרְד, תֵּל אָדֶער חֵרִיץ, אַז גָאט וֶועט זָאגֶען: „לֶעבְּט!" וֶועלֶען מִיר לֶעבֶּען! . . ."

עֶר זִיצְט זָא 7 יָאהְר אִין טְהוֹרְמֶע, עֶר פֶערְפַארְטִיגְט אַ סֵפֶר אוֹיף מְשְׁנָיוֹת סֵדֶר זְרָעִים אוּנ טַהֲרוֹת (דען אויף דיא 2 סדרים משנה איז קיין גמרא בבלי נישטא),

א ספר אויף מסורה, א ספר אויף דינים פון אלערלייא תפלות, דינים פון אלע זארטען ברכות, אויך דינים אויף אבלות. —

דיא תלמידים זיינע מאכען צורעכט זייער מאטעריאל אויף דיא גרעסערע ספרים צו שרייבען, אונ דער רבנו מאיר שטארבט אפ, אין יאהר 5052. אשכנז זאגט ווידער: „יהודים"! איהר האט בייא אונז א אבן-טוב א דימאנט, ער איז א מיליאן דאללער ווערט, טא גיט דיא מטבע, וועט מען אייך אייער סחורה ארויסגעבען! א מציאה כ'לעבען! אייער רבי מאיר איז ווערט געלט, נישקשה! רבנו מאיר איז שוין ווידער א גאלדענער בארג א תל!...

די זעלע זיינע ברעכט אייזערנע גראטעס, שפאלט קופערנע טירין, זיא פליהט... פליהט — — — -- זיא לויפט פארבייא דיא וואכטער פונ'ם טהורמע — — זיא לאכט — — — בעפרייט געווארען פון איהר טהורמע, א האלבע ישועה איז שוין דא, אי וואס? איהר קארפער? ער וועט אויך מיט דער צייט בעפרייט ווערען! — זיא פליהט שוין פרייא אין דעם פראספעקט פון אלזאס... פליהט דורך אשכנז... פליהט פארבייא דעם קאניג רודאלפ'ס פאלאטץ... — — — זיא ווערט מונטער אונ זינגט: „שיר המעלות", איך בין שוין ווידער געהייבען! „לולי ד' שהיה לנו, בקום עלינו אדם (ולא מלך) אזי — נחלה עבר על נפשנו", איך, נפש, פון רבנו מאיר פון רוטענבורג, האב אין דיא 7 יאהר טהורמע פיעל, פיעל אויפגעטאהן אין גייסט, פיר זיך אונ אויך פיר אלע יודין! יעצט, בין איך שוין פרייא נאך מיין ארבייט! „עזרי מעם ד' עושה שמים וארץ"! גאט האט געהאלפען מיר נשמה אויפ'ן הימעל קומען אונ ער וועט אויך העלפען מיין גוף וועלכער אין טהורמע, אין געוועלב, ליגט, צו קבורת ישראל, צו זיין ערד, פון וואנען ער איז גענומען, קומען...

אונזער רבי ר' מאיר ליגט-אפ אין „חרי"ץ" אין געוועלב פון טהורמע, קאלט וויא א טויטער שטיין, הארט וויא א פעלזען מארמאר.... דיעזער אבן-טוב רבי מאיר המאיר לארץ ולדרים עליה בטובו, ליגט אין דער פינצטער 14 יאהר נאכאנאנד ביז 5067-טען יאהר, 4-טען אדר; ערשט דאמאלס געפינט זיך א תל, א עשיר, רייך אין מאש אונ אין הערץ, מיט זיין נאמען ר' „זיסקינד ווימפפען", פון דער שטאדט פראנקפורט, ער גיט דיא מטבע פיל מען פערלאנגט...

דיא ערלובעניס פון אשכנז גיט א באפעהל אין טהורמע; דיא יודישע געמיינדען קומען; דיא תלמידים טראגען ארויס דעם רבין... א שמחה בייא

דיא

דיא קינדער ישראל: מעז קען שוין זייער רבי'ן אין חרי"ץ, אין קבר אויף זיין רוהע בריינגען, צום קבר, ישראל סבא נעהמען!... עס רעש'ט... עס טומעלט... מען לאכט, מען וויינט.... אונ דארט אויף'ן מטה אין ארון אונטער דעם שווארץ געוואנט ליגט רבנו מאיר'ס קארפער א תל עצמות... אונ דיעזע שווארצע פינצטערע ביינער פונ'ם 14-יאהריגען אלטען בר-מינן, פון דעם ליכטיגען ר' מאיר — זינגען ווידער דעם אלטען ליעדעל „שיר המעלות"... העלית מן שאול נפשי... איך ווער נתעלה יעצט... לולי ד' שהיה לנו (אונזביידען מיין נפש אונ קארפער) בקום עלינו אדם אזי חיים בלעונו, אזי המים שטפונו (מיין קארפער וואלט פערוועלקט ווערען) נחלה עבר על נפשנו (מים מיין זעעלע צו זאמען) ברוך ד' שלא נתננו טרף לשניהם" אדאנק דיר, עוויגער, וואס דוא האסט תאץ מיינע ביינער פון דיעזע ציין געראטעט! א גאט! „נפשנו כצפור נמלטה מפח יוקשים.. מיין זעעלע איז שוין לאנג העט, העט וויא אפאגעל פון איהר קלעטקע, שוין מיט 14 יאהר צוריק געראטעט געווארען, „הפח נשבר" דען פיר ישראל'ס נפש אונ גייסט איז נאך קיינע טהורמע אויף דער וועלט בעשאפען געווארען זיא פעסט שליסען! דען נור אויף ביינער, פלייש, קארפערן אונ גופים קען רודאלף הערשען, „זייא" ביז הימעל הויבען, אדער הונדערטער קלאפטער צו דער ערד שטירצען, פיר א „תל" אדער א „חרי"ץ" מאכען; אבער ניט אויף זייער זעעלע אונ גייסט!... מיין נפש איז שוין לאנג בעפרייט, אונ יעצט — אויך מיין גוף! יעצט איז שוין: „ואנחנו נמלטנו", מיר ביידע האבען שוין דיא פליטה געמאכט... פון דיא גראבע פינסטערניש צוא דיא אדעלע ליכטיגקייט געקומען... האה שה"י פה"י, המן! טאקע שבת היום לי, אונ טאקע שבת שבתון! פסח היום ביא מיינע ביינדעלעך, זכר ליציאת מצרים, א בן-חורין בין איך! שיר המעלות!... איך בין שוין ביא מיינע ברידער! אט, אט, נאך א מינוט, נאך א סעקונדע רוה איך שוין אויף מיין רוהע, אויף מיין ערד, אויף א יודישען בית-עולם... האח! שיר המעלות!... עזרי מעם ד' עושה שמים וארץ! אהא בישאף! דער הימעלשער אונ ערד שאפער וואס האט דיא הימלישע נשמה מיט דעם ערדישען קארפער געבונדען, דיעזער גאט האט אונז אלעמען בעשאפען, טא ווער קען אונז פון זיין וועלט אפשאפען? . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

עס קלינגען דיא לאפעטעס... עס טרעסטשען דיא זעגין... מען פערפארטיגט דעם קבר, מען גרייט צו דעם ארון, מען לאזט דעם רבי'ן ארונטער... דיא פובליקום שרייט: „צדק לפניו יהלך וישם לדרך פעמיו"!

געהט

גָעהט, רַבִּי, אִין אַייער רוּה! פַּאלְט פוּן אוּנְזֶערְט וֶועגֶען פַאר'ן כִּסֵא-הַכָּבוֹד! דָען „עֶזְרֵנוּ, בְּשֵׁם ד' עוֹשֵׂה שָׁמַיִם וָאָרֶץ"!

---

# הטפה שביעית לפורים (ולפרשת זכור).

## דִיא יוּדִישֶׁע פֶּערְסִיאַנֶער אִינְטִילִיגֶענְצִיֶע. — דִיא מְסִירָה אוּנ אִיהר סִבָּה. — דֶער תַּעֲנִית אוּנ דֶער בַּאל. — דִיא פְּרֶעדִיגֶערְן אִין פֶּערְסְיֶע אוּנְד אִין נֶעווְיָארְק.

פוּן דִיעזֶע בָּמָה (קאַפּעדרע, אַלטאַר) הָאט אוּנְז דֶער קוֹרֵא גֶעשְׁרִיעֶן אִין אוֹיהֶער: „זָכוֹר אֵת אֲשֶׁר עָשָׂה לְךָ עֲמָלֵק — לֹא תִּשְׁכָּח! גֶעדֶענְק, נִיט פֶּערְגֶעס וָואס עֲמָלֵק הָאט דִיר פַאר אַ שְׁפִּיטְצֶעל אָפְּגֶעטְהוּן"! אַלֶע יוּדֶען שְׁפְּרֶאכֶען אוֹיךְ: „הַיינְט אִיז שׁוֹין שַׁבָּת פָּרָשָׁה זָכוֹר"! פוּן דֶער מְגִלָּה וֶועט מֶען אוּנְז אוֹיךְ לֵייעֶנֶען פוּרִים: „וְהַיָּמִים הָאֵלֶּה נִזְכָּרִים וְנַעֲשִׂים" ד. ה. דִיעזֶע טֶאג וֶוערֶען גֶעדֶענְקְט אוּנ גֶעטְהוּן.

אַלְזָא בֶּעדַארְפֶען מִיר דָא פֶערְשְׁטֶעהְן: וָואס הָאבֶּען מִיר דָא אַזוֹי שְׁטַארְק צוּ גֶעדֶענְקֶען?

אוּנְזֶערֶע חַכְמֵי הַתַּלְמוּד עֶרְקְלֶערֶען אוּנְז, אַז „זְכִירָה" מֵיינְט מֶען דֶערְמָאהְנֶען מִיט דֶעם מוֹיל דִיא פָּרָשָׁה פוּן עֲמָלֵק אוּנ דִיא מְגִלָּה אוּם פוּרִים לֵייעֶנֶען, זָא וִויא בַּיי שַׁבָּת וָואס עֶס שְׁטֶעהְט אוֹיךְ דִיעזֶער בֶּעדַייטוּנְג: „זָכוֹר אֶת יוֹם הַשַּׁבָּת לְקַדְּשׁוֹ" מֵיינְט מֶען דָאךְ „זָכְרֵהוּ עַל הַכּוֹס" ד. ה. קִידּוּשׁ הַיּוֹם זָאגֶען אוֹיף דֶעם בּוֹקַאל, ד"ג דָא צוּ דֶער גְלֶאנְצֶענְדֶער הָמָן-תַּשׁ אוּנ צוּא דֶעם גוּטֶען שְׁנַאפְּס פּוּרִים'דִיגֶען, בֶּעדַארְף מֶען אוֹיךְ דִיא פָּרָשָׁה פוּן עֲמָלֵק אוּנ דִיא מְגִלָּה לֵייעֶנֶען, אָט דָאס הֵייסְט „נִזְכָּרִים" אוּנ „וְנַעֲשִׂים", דֶערְמָאהְנֶען מִיט וֶוארְטֶער אִין מוֹיל אוּנ טַאקִי קַייעֶן מִיט דִיא צֶאהְן דִיא סְעוּדַּת פּוּרִים.

אָבֶּער דָאךְ צוּ וָואס בֶּעדַארְף מֶען נָאךְ דֶערְמָאנֶען אַזוֹינְס אוּם שַׁבָּת פָּארְאוֹיס? „פָּרָשַׁת זָכוֹר"? וָואס? צוּ וָואס? צוּ וֶוען? פִּילְלַייכְט מֵיינְט מֶען אֶפְשַׁר דִיעזֶען שַׁבָּת נָאךְ אַ „זָכְרֵהוּ עַל הַיַּיִן" מַאכֶען? יָא, אוּם פּוּרִים זָאגֶען אוּנְז טַאקִי דִיא חֲכָמִים, דֶער חָכָם רָבָא: אַז „חַיָּיב אִינִישׁ לִבְסוּמֵי בְּפוּרְיָא עַד דְּלָא יָדַע בֵּין אָרוּר הָמָן לְבָרוּךְ מָרְדְּכַי", ד"ה: מֶען בֶּעדַארְף זִיךְ גוּט בֶּעשְׁוֶועכִין פּוּרִים אַז מֶען זָאל פוּן הָמָן בִּיז מָרְדְּכַי'ן נִיט דֶערְקֶענֶען, ד"ה: פוּן שְׁטֶעקְקֶער דֶער גַייסְטְלִיכֶער פַאסְטֶער וָואס אִין בֶּערְלִין בִּיז לְהַבְדִּיל ר' עֲזְרִיאֵל הִילְדֶעסְהַיימֶער; לְפִי זֶה הָאבֶּען פִיעל, פִיעל יוּדֶען הַיינְטִיגֶען טָאג עוֹבֵר גֶעוֶועֶן

אוֹיף

אויף דֶעם 2-טֶען זָכֹר, אַז זייא הָאבֶּען לְכָבוֹד פַּרְשָׁה זָכֹר נָאךְ אַ מָאהְל קִידוּשׁ נִיט גֶעמַאכְט? אונ אַז פּוּרִים וֶועט אוּם שַׁבָּת קוּמֶען וֶועט מֶען בֶּעדַארְפֶען אַנְטְקֶעגֶען 3 זְכָרִים 3 כּוֹסוֹת גֶעהְמֶען? „זָכוֹר אֶת יוֹם הַשַּׁבָּת לְקַדְּשׁוֹ“, „וְהַיָּמִים הָאֵלֶּה נִזְכָּרִים“ אונ „זָכוֹר אֵת אֲשֶׁר עָשָׂה“? אָט וֶועט זַיין אַ „לִבְסוּמֵי בְּפוּרְיָא“, אַז עֶר וֶועט מַאכִי נִיט וויסֶען, נִיט נוּר בֵּין הָמָן לְמָרְדְּכַי, דֶען עֶר וֶועט אֲפִילוּ נִיט זוכֶר'ין וואו עֶר אִיז שׁוֹין, צוּ אויף דֶער וֶועלְט צוּ אויף יֶענֶעם עוֹלָם, דֶען „נִכְנַס יַיִן יָצָא סוֹד“ זָאגֶען אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים, אונ „נִכְנַס יַיִן תֵּצֵא הַנְּשָׁמָה“ זָאגְט אוּנְז דִיא פְּרַאקְטִיקֶע פוּן דִיא הָמָנְ'ס שִׁכּוֹרִים. . . הַיינְט קֶען דָאס זַיין אַז רָבָא, דֶער קְלוּגֶער אֲמוֹרָא, זָאל אַזָא אוּנְפְּרַאקְטִישֶׁען מִנְהָג מִיט דֶעם לָשׁוֹן „חַיָּיב“ נָאךְ שְׁטֶעלֶען? אַ מִתְחַיֵּיב בְּנַפְשׁוֹ וֶועט זַיין דֶער יוּד וָואס קֶען נִיט פֶערְטְרָאגֶען אַ גְלֶעזֶעלֶע שְׁפִּירְטְס אונ וֶועט טְרִינְקֶען! „וּשְׁמַרְתֶּם לְנַפְשׁוֹתֵיכֶם“ הָאט אוּנְז גָאט אִין זַיין תּוֹרָה שֶׁבִּכְתָב גֶעבָּאטֶען, דָאךְ פָאלְגְט מֶען נִיט, אונ רָבָא דֶעם אֲמוֹרָא'ס חוֹב זָאלֶען מִיר פָאלְגֶען כִּפְשׁוּטוֹ?

אָט וֶועט אִיהר הֶערֶען דָא אַ נַייעֶס גֶעדַאנְק:

רָבָא בְּלַייבְּט מַאכִי אַ חָכָם, פַּרְשָׁה זָכוֹר בְּלַייבְּט זָכוֹר, אונ מִיר — בֶּעדַארְפֶען מַאכִי אַ זִכָּרוֹן הָאבֶּען, אונ נָאר אָהן אִיהם אִיז מַאכִי בִּיטֶער, ווייסְט אִיהר וִויא בִּיטֶער? נָאךְ בִּיטֶערֶער פוּן רָבָא'ס לִבְסוּמֵי בְּפוּרְיָא! בִּיטֶערֶער פוּן פּוּרִים'דִיגֶען שְׁנַאפְּס!

עַל כֵּן שִׁמְעוּ אַחִים אִין קוּרְצֶען:

יָא, בְּרִידֶער, דֶער טָאג פּוּרִים הֵייסְט אִין דֶער מְגִלָּה מִיט דֶעם נָאמֶען „יְמֵי מִשְׁתֶּה וְשִׂמְחָה“, מֶען בֶּעדַארְף אוּם פּוּרִים אַ הָמָן-תַּשׁ מִיט הָאנִיג עֶסֶען, אַ זֵכֶר אַז הָמָן אִיז אַ בִּיסֶעל שׁוֹין תַּשׁ כֹּחוֹ אונ נָס לֵחוֹ, עֶר אִיז שׁוֹין נִיט דֶער וָואס אַמָאהְל אִין פֶערְזְיֶע גֶעוֶועזֶען, אַ זֵכֶר — אַז פוּן יֶענֶעם הָמָן אִיז שׁוֹין לַאנְג דָאס וָואס פוּנְ'ם פֶערְצַייטִיגֶען מָן, וֶוען יוּדֶען הָאבֶּען אִיהם אִיבֶּער-גֶעלָאזֶען אֲפִילוּ אִין הוֹיז, אִיז אויךְ פוּן אִיהם פוּל-פִּיעל תּוֹלָעִים גֶעוָואָרֶען נָאךְ זַיין וַיִּבְאַשׁ'ין, „וַיָּרֻם תּוֹלָעִים וַיִּבְאַשׁ“ שְׁרַייבְּט דַאכְט זִיךְ דִיא תּוֹרָה אִין בְּשַׁלַּח; הַיינְט נָאךְ מֶעהְר אַז יֶענֶער הָמָן אִיז זָא הוֹיךְ נִתְעַלָּה גֶעוָואָרֶען, עֶר אִיז אַרָם אויף 50 אֵיילִין פוּן דֶער עֶרד גֶעוָואָרֶען, אִיז פִּירְגֶעווִיס, בִּלְתִּי סָפֵק, פוּן אִיהם דִיא זֶעלְבֶּע וָואס פוּן יֶענֶע בִּיסֶעל מָן גֶעוָואָרֶען, וַיִּבְאַשׁ וַיָּרֻם תּוֹלָעִים.

נוּר מֵיינְט נִיט, קִינְדֶער, אַז דִיעזֶע עֶלְטֶערִין הָאבֶּען זֵייעֶר הָמָן-תַּשׁ, אָדֶער וִויא אִיהר רוּפְט דָאס אָן, מִיט דֶעם נַייעֶם נָאמֶען „הָאמִינַא-אוּכָא“, פוּן טֵייג, וִויא מִיר, גֶעקְנָאטֶען, נֵיין, בְּרִידֶער! יֶענֶע עֶלְטֶערִין הָאבֶּען זֵייעֶרֶע

הָמָן-תַּשׁ'ין פוּן זַייעֶר כַּאראַקְטֶערִיסְטִיק, פוּן זַייעֶרֶע תְּפִלּוֹת אוּנ תַּעֲנִיתִים, פוּן זַייעֶר זוֹיעֶרֶע מִינֶע וָואס זַייא הָאבֶּען פַאר גָאט אִין דִיא 3 טֶאג פוּן צוֹמוֹת בֶּעוִויזֶען, זָא וִויא עֶס שְׁטֶעהְט: „לֵךְ כְּנוֹס אֶת כָּל הַיְהוּדִים“ אָבֶּער מַאכִּי „אַלֶלֶע“ יְהוּדִים, יוּנְגֶע גְלַייךְ מִיט אַלְטֶע, אִינְטִילִיגֶענְטֶע גְלַייךְ וִויא אוֹרְטוֹדוֹקְסַאלֶנֶע, „וְצוּמוּ עָלַי וְאַל תֹּאכְלוּ וְאַל תִּשְׁתּוּ שְׁלֹשֶׁת יָמִים לַיְלָה וָיוֹם, וְגַם אֲנִי וְנַעֲרוֹתַי אָצוּם כֵּן“, ד"ה: זִיא זָאגְט אָן מָרְדְכַי'ן: פֶערְזַאמְמֶעל מִיר אִין שׁוּל אַרַיין אַלֶע זָארְטִין יוּדֶען, אוּנ פַאסְט 3 טֶאג אוּנ נֶאכְט; זָאלֶען זַייא דָאס רוּפֶען „אֶסְתֵּר'ס-תַּעֲנִית“, זָאלֶען זַייא דָאס רוּפֶען „צוֹם-אֶסְתֵּר“, „תַּעֲנִית אֶסְתֵּר“, זָאלֶען זַייא דָאס רוּפֶען מִיט אַנַייא נָאמֶען „פָאסְט-אֶסְפִּירֶע“, אַ דַאנְקָה אִיךְ הָאבּ! אַבִּי זָאלֶען זַייא זָאגֶען סְלִיחוֹת מִיט מִיר צוּ גְלַייךְ, זָאלֶען זַייא פַאסְטֶען מִיט מִיר גְלַייךְ, אָבֶּער נוּר אַלֶע! גֶענוּג צוּ זַיין אַ צוּשְׁנִיטֶען קֶערְפֶּער, גֶענוּג צוּ זַיין אַ „עַם מְפוּזָּר וּמְפוֹרָד“! נִישְׁקָשֶׁה, בַּייא אַלֶע פֶאלְקֶער הִיטֶען אַלֶע זָארְטִין מֶענְשֶׁען דֶעם רֶעלִיגְיָאנְס-גֶעזֶעצְטֶע גְלַייךְ, זָאל עֶר זִיךְ דֶענְקֶען אִין הַארְצֶען וָואס עֶר וִויל, אָבֶּער דֶעם אַבְּרַאד מוּז עֶר מִיט אַלֶעמֶען גְלַייךְ הִיטֶען! זַאי זִיךְ דִיר מִינִיסְטֶער, גוּבֶּערְנַאטָאר, חָכָם, גְרוֹיס עֶדֶעל מַאנְן, צוּם רֶעלִיגְיֶע זֶענֶען אַלֶע גְלַייךְ! . . . נִיט אַזוֹי — זָאגְט אֶסְתֵּר — אִיז אָבֶּער מַיין פָאלְק: דֶער אִיז אַרִיסְטָאקְרַאט, יֶענֶער אִיז אַ חָכָם, דֶער דְרִיטֶער — גְלַאט אַ עֶדֶעל מַאנְן, דֶער אִיז דָא מִיט אַ תִּירוּץ אִין טַאשׁ: עֶר אִיז שְׁוַואךְ, דִיא פְרוֹי זַייטֶע אַ קָאקֶעטֶקֶע, אַ זַיידֶענְס . . . בֵּינוּ לְבֵינוּ אִיז אִין סִינַאגָאגֶע צוּא אֶסְתֵּר-תַּעֲנִית קַיין מִנְיָן נִישְׁטָא . . . פַארְוָואס בַּייא אַנְגִי'ן אִין סִינַאגָאגֶע פִיהְרְט זִיךְ נִיט אַזוֹי? אִיז דֶען הָמָן הָאֲגָגִי נִיט גֶערֶעכְט אַז עֶר זָאגְט: „יֶשְׁנוֹ עַם אֶחָד“, עֶס אִיז דָא אַ פָאלְק, וָואס שְׁטָאלְצִירְט נָאר מִיט זַיין „אַחְדוּת“: ד' אֶחָד וּשְׁמוֹ אֶחָד, וּמִי כְּעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל גּוֹי אֶחָד, אָב אֶחָד לְכֻלָּנוּ, אֵל וֶאֱמוּנָה אַחַת, אוּנ לְסוֹף אִיז עֶר „מְפוּזָּר וּמְפוֹרָד בֵּין הָעַמִּים“ . . . דוּ קְרִיגְסְט נִיט אִין אַלֶע פֶאלְקֶער רֶעלִיגְיָאזֶע אַזַא „פֵּירוּד“ אִין סֶעקְטֶען וִויא בַּייא זַייא! פֶערְשִׁיעדֶענֶע נוּסְחָאוֹת אִין תְּפִלּוֹת, סְלִיחוֹת; דִיא-דַאוְוֶענֶען גָאר נִיט „וְדָתֵיהֶם שׁוֹנוֹת מִכָּל עָם“ זַייעֶרֶע אוֹיפְפִיהְרוּנְג אִיז אַנְדֶערְשׁ פוּן אַלֶע רֶעלִיגְיֶעס, וָואס דֶער הַאלְט פַאר אַ מִנְהָג-קָדוֹשׁ, מַאכְט דֶער צְוַוייטֶער צוּ בְּלָאטֶע; פַארַאן שׁוֹין בַּיי זַייא זֶעלְבֶּע יוּדֶעלֶעךְ זֶועלְכֶע פַאטְרִין דֶעם גַאנְצֶען יָאהר תְּפִלּוֹת מִיט שה"י פה"י, מִיט שַׁבָּת מְבָרְכִין רֹאשׁ חוֹדֶשׁ בֶּענְטְשֶׁען אוּנ מִיט פֵּסַח'דִיגֶען דַאוְוֶענֶען דֶעם עֶרְשְׁטֶען יוֹם-טוֹב, אוּנ יוֹצֵא. „אַ גוּטֶען טָאג דִיר, גָאט, אוֹיפְ'ן גַאנְצֶען יָאהר!“ . . . נוּ, אַ גַאנְץ יָאהְר? וֶוער וֶועט דָאס דִיא רֶעלִיגְיֶע זֶעהְן צוּא הִיטֶען אִין סִינַאגָאגֶע מִיט אַלֶעם פִּינְקְטְלִיכְקַייט יֶעדֶעס אִין דֶער צַייט צוּ טְהוּן? אַ סְלִיחוֹת זָאגֶען, אַ קִינָה, אַ

תשעה

תִּשְׁעָה-בְּאָב פְּרַאוֶּוען אד'ג? אִיהר זָאגְט, קִינְדֶער, אַז אִיהר זַייט דָאךְ „יוּדֶען" גוּ אַדַאנְק אַייךְ! אָבֶּער אוֹיף וֶועמֶען פֶערְלָאזְט אִיהר דֶעם אָבְּרַאד אַ גַאנְץ יָאהר צוּ הִיטֶען? וֶועט אִיהר דֶען אַלֶעס יוֹצֵא זַיין פַאר'ן גַאנְצֶען יָאהְר נָאר מִיט שַׁבָּת אוּנ פֶּסַח? מַפְקִין לְכוּלָּהּ שַׁתָּא בשה"י פה"י? נֵיין, נִיט דָאס מֵיין אִיךְ — זָאגְט אֶסְתֵּר הַמַלְכָּה, „לֵךְ כְּנֹס אֶת כָּל הַיְהוּדִים וְצוּמוּ עָלַי" קוּמְט אַהֶער אִין שׁוּל טַאקִי אַלֶע, וָואס רוּפֶען זִיךְ מִיט דֶעם נָאמֶען „יְהוּדִי"! זָאגְט אוֹיךְ סְלִיחוֹת מִיט מַיין פֶעטֶער ר' מָרְדְּכַי גְלַייךְ! אוּנ פַאסְטֶען — פַאסְט טַאקִי נוּר אַלֵיין, דֶען וֶוער אִיז דָאס מְחוּיָּיב פַאר אַייךְ אַלֶעמֶען פַאסְטֶען? אַךְ, וֶוען מֶען וָואלְט אַזוֹינְס גֶעקֶענְט וָואלְט אִיךְ אַייךְ גֶעבֶּעטֶען טַאקִי: „וְצוּמוּ עָלַי" פַאסְט אִיהר פַאר מִיר, פוּן מַיינְט וֶועגֶען, דֶען אִיךְ בִּין בֶּאֱמֶת אַיינֶע שְׁוַואכֶע פְּרוֹי... „וְצוּמוּ עָלַי" — זָאגְט אֶסְתֵּר — וִויא אִין דַייטְשְׁלַאנְד דֶער שׁוּל-שַׁמֶשׁ, וָואס פַאסְט אוֹיף אַיין מָאהְל אִין אַיין טָאג פַאר פִיעל דַייטְשִׁישֶׁע יוּדֶען, פַאר זַייעֶרֶע יָאהְרְצַייטֶען, אַלֶעמֶען מוֹצִיא זַיין. „וְאַל תֹּאכְלוּ וְאַל תִּשְׁתּוּ שְׁלשֶׁת יָמִים לַיְלָה וָיוֹם", פְרֶעסֶער! בַּייא אֲחַשְׁוֵרוֹשֶׁ'ס בַּאל הָאט אִיהר נֶהֱנֶה גֶעוֶוען „עַד דְּלָא יָדַע", גֶעגֶעסֶען בִּיז אִיהר הָאט גָאט פֶערְגֶעסֶען, טָא מָאגְט אִיהר הַיינְט פַאסְטֶען! דִיעזֶער יוּנְגֶער דוֹר מָאג אַבִּיסֶעל זַיין קִישְׁקֶעלֶע לָאזֶען אַיינְדַארֶען! „גִישְׁקָשֶׁה, מֶען קֶען פוּן אַ תַּעֲנִית-אֶסְתֵּר, פוּן אַ פָּאסְט-עֶסְפִּירָא'לֶע נִיט שְׁטַארְבֶּען! „וְעִנִּיתֶם אֶת נַפְשׁוֹתֵיכֶם", דַאר, קִישְׁקֶע! אִיהר הָאט פִיעל, פִיעל קָאלְבַּאס טְרֵפָה גֶעפְרֶעסֶען! . . . גְלוֹיבְּט מִיר, אִיךְ קֶען גֶעוִויס קֵיין פָאסְט נִיט פֶערְטְרָאגֶען, בִּפְרַט יֶעצְט, אַז אִיךְ בֶּעדַארְף נָאךְ שְׁטָאלְץ בֶּעקוּמֶען קְרֶאפְּטֶען פִיעל, פִיעל אָנְזַאמְלֶען, אַיין אוּנְגֶעבֶּעטֶען גַאסְט צוּם קֶענִיג קוּמֶען, מַיין לֶעבֶּען אִין סַכָּנָה שְׁטֶעלֶען, בַּייא זִיךְ בֶּעשְׁטִימֶען, אָהָה! אוֹי וַאֲבוֹי לִי וּלְנַפְשִׁי, אָבַדְתִּי! . . . אִיךְ גֶעה צוּם שְׁלַאק . . . פוּן וֶועמֶעס וֶועגֶען? נִיט פַאר מַיין גוּף! נֵיין! נָאר פַאר אַייךְ, מַיינֶע בְּרִידֶער אוּנ שְׁוֶועסְטֶערְן, פַאר אַלֶע סֶעקְטֶען יוּדֶען, פַאר אַלֶעמֶען, פַאר אַלֶעמֶען! . . . טָא פַאסְט אִיהר פַאר מִיר הָאץ! לָאזְט הָאץ מִיךְ אַבִּיסֶעל גֶעזוּנְט אָנְקְלַייבֶּען! „וְצוּמוּ עָלַי, בְּרִידֶער אִינְטֶעלִיגֶענְטֶען, שְׁוֶועסְטֶער קָאקֶעטְקֶעס! דַאכְט זִיךְ קֵיין עֲוֹלָה נִיט, הַא? נָאר . . . נֵיין! „וְגַם אֲנִי וְנַעֲרוֹתַי אָצוּם כֵּן" אִיךְ זֶעלְבְּסְט בֶּעדַארְף אוּנ מוּז מִיט מַיינֶע קָאמֶערְדִינֶערִין אוֹיךְ פַאסְטֶען! עֶס קֶען אַנְדֶערְשׁ נִיט זַיין! אִיךְ בִּין נִיט וִויא אַנְדֶערֶע אַרִיסְטָאקְרַאטְקֶעס . . . אִיךְ הָאבּ נָאךְ אוֹיף מַיין לֶעבֶּען פוּן מַיין פָאלְק אִין רֶעלִיגְיָאנְס-גֶעזָאכְטֶן קֵיין מָאהל אָפְּגֶעשֵׁיידְט, פוּן מַיין צִבּוּר זִיךְ נִיט פּוֹרֵשׁ גֶעוֶוען, אִיךְ גֶעדֶענְק אִיךְ הָאבּ אַ זִכָּרוֹן וָואס מַיין פֶעטֶער ר' מָרְדְּכַי הָאט מִיר אַ מָאהְל גֶעזָאגְט אִינְ'ם נָאמֶען פוּן דִיא מוּנְדְלִיכָע

שריפמשטעלער (תורה שבעל פה) אז „כל שאינו מתאבל עם הצבור אינו רואה בנחמתו של צבור" ד. ה. ווער עס נעהמט קיין טהייל אין זיין געמיינדעס ליידען, דער נעהמט קיין טהייל אויך אין זייער פריידען. אי וואס איך קען נים? „וכאשר אבדתי (דורך מיין קומען אהן ערלויבעניס פארן קעניג) אבדתי" (דורך מיין אפגעשוואכט ווערען דורך מיין 3 טאגליכען תענית), דען מיר, יודען, לעבען דאך אלעס אומנאטירליכען לעבען, נים מיט דער נאטור, נים מיט היגיענע און מעדיצינישען לעבען, נור בתורת סגולה, וויא עס שטעהט: „והייתם לי סגולה מכל העמים" *), בתורת סגולה קען מיך דיעזער תענית נאך חן געבין...

מעשה אלפס

*) „סגולה" הייסט (אלס כוונה שני') אזאך וואס מיט דער נאטור איז איר נים צוא פערשטיין נור זיא ווירקט אלעס „סגולה" (איבערנאטירליך) און וויל זיא איז אוואונדערליכע זאך איז זיא האך-גישעצט און מען איז איר מכנים לאוצר (אין מאזעאום) וויא דיא אלטע אנטיקליכע מטבע פון אברהם אבינו (וואס ליגט אין וועלט מאזעאום) דער אינהאלט פון איהר איז „זקן וזקנה מצד זה", בעת אברהם איז גיוועזן אלט און שוואך, אוועקגילייגט די קרעפטין, פון גאטעס וועגין צו פערהייליגען זיין ליבען נאמען אין דער וועלט, און אלע זיינע שונאים האבען שוין אויסגיקוקט דיא אויגען: אט אט גייט אויס זיינע כחות! אוןווארטין שוין אויף זיין יציאת הנפש להבנות מחורבנו (אמלאה החרבה), פלוצלונג האט זיך אקער גיטאן דיא מטבע עס הייבט זיך איף דיא סצענע און עס שיינען פאר אונז איונגע פאר „בחור ובתולה מצד זה" יונג שטארק און שעהן (אחרי בלותי היתה לי עדנה), מזל טוב אייך אנטיסימיטען! די מוטער שרה ליגט אין קינד-בעט זיא האט גיהאט א יצחק-לען, מיט איין ווארט, אזוי וויא די גיבורטה פון זרע אברהם איז נים נאטירליך, מיט דער נאטור וואלטין זיך אידין גאר נים גיפינען אויף דער, וועלט ווייל אברהם אבינו איז גיוועזן איין עקר און די מוטער שרה איין עקרה, נור דער בורא הטבע האט אים אויף געהויבין איבער דיא נאטור (ויוצא אותו החוצה, תגביהו למעלה מכיפת הרקיע) אזוי איז דער לעבין פון זרע אברהם אויך נים נאטירליך, וויא דער חכם מכל אדם זאגט ומצא חן ושכל טוב בעיני אלקים, דו סטארע זיך נור צו גיפינען חן ביי גאט דאן וועט ער איף דיר ארויף ציהען א חוט של חן וחסד אז דו וועסט גיפינען חן אויך בעיני אדם, ביי מענשין אין דיא אויגין, דניאל חנניה מישאל ועזרי' בעת נבוכדנצר האט זיי אריין גיגעבין אין גימנאזיום, צו לערנען דיא שפראך און חכמה פון כשדים, אז זיי האבין באטראכט אז זייער שפייז איז נאזנאצעט פון מאכלות אסורות וועלכע זיינען מטמא דעם נפש הישראלי, זיינען זיא צו גיפאלין מיט גרוים גיבעט צו זייער עקאנאם, ער זאל מאכין מיט זייא אקלוגין חלוף, ער זאל פאר זיך נעמען זייערע טרייפע שפייז מיט דיא גוטע ווין, און זיי געבין אנשטאט דעם זרעונין, (ארבעס, באב, רייז, פאסאלעס) זייא וועלין דאס אב קאכין, פאסטנע אן פלייש און סמאלץ, און ווען ער ז אם זיי גיפרעגט וויא אזוי קען איך דאס טאן? איך וועט דאך אוים זעהן מאגער אפין גיזיכט, געגין דיא שילער פון אנדערע נאראדין וועלכע עסען פלייש און טרינקען וויין, וועל איך דאך האבין דורך דעם אגרויסין אונגליק, האבען זיי אים גיענטפערט, פרוביר איין מאנאט, וועסטו זעהן, דער ציילט אונז דיא הייליגע היסטאריע, אז ער האט איינגישטימט צום גוטין חלוף (וואס אים וועט זיך ארעכטע מטבע אבשטעלין) און אם ענדע האבין דיא 4 אידישע סטודענטין אוים גיזעהען דיקער און שענער פון דיא אנדערע סטודענטין וועלכע האבין גיגעסין מאכלות אסורות, און אזוי האט אויך פאסירט מיט אונזער ליבע שוועסטער, המלכה אסתר, דורך איר אפצערין זיך פון גאטעס וועגין, ווייל דורך דעם וואס זיא האט גיפאסט האבין אויך אלע יונגע אינטעליגענטישע מענשין גיפאסט און מכניע גיוועזן זייער הארץ להתשובה, מטאס זיין דיא פינסטערע לערנונג פון עשו הרשע (תורת הלאומני-גא) וואס דאס ברייננגט צו אלע אונגליקען

און

ובכן אבוא אל המלך אשר לא כדת", יא, אט אזוי בלייבט עס: "לך כנס את כל היהודים" טאקי אלע יהודים! דען נאר אויף אזא מעטהאדע קען דער רעליגיאן אונ נאציאן אקיום האבען, פון "להשמיד ולהרג" ניצול ווערען...

אט, דורך אזא פלאן זענען אונזערע פערסיאנער יודען גערעטעט געווארען! "ליהודים היתה אורה ושמחה", ליכטיג אונ פרעהליך געווארען. דאן איז "ותכתב אסתר המלכה בת אביחיל ומרדכי היהודי את כל תוקף", דיעזע מלכה, עכט שפיטץ אינטעליגענטישע דאממע, שרייבט איהר מאנעפעסט: פון היינט-אן פורים'ס פראווען, אונ המן-תש'ין אין איהם עססען, אויך א ביסעל שנאפס — דעם אוממוטה צו פערטאגען, דיא שרעקענים פערטרייבען, א ביסעל דיא צושראקענע ברוסט פערשטארקען, "ישתה וישכח רישו", וויא דער קלוגער קאניג שלמה זאגט, זאל דער ארום ביטער הערץ טרינקען א ביסעל שנאפס אונ זיין ארמוטה פערגעסען האט נאר אויף איין סעקונדע אויך גוט, אונ בפרט אין דיעזע לעצטע דורות, א וויא נאטווענדיג דער "קידוש" איז! ווער רעדט פסח? איז דאך 4 בוקאלין, ארבע כוסות! שבת — איז א חוב: זכור את יום השבת לקדשו, זכרהו על היין, האט ג גלעזעל, בכדי די ביטערניס פון א גאנץ וואך עטוואס פערטרייבען, ה"ג פורים א יום שמחה ומשתה פראווען, זיך לוסטיג מאכען, טא בעדארף מען דאך לוסט האבען, מוז מען דאך דערצו א מעדיצין פון א "לבסומי", א מעקסטור פון א שנאפס נעהמען! אבער, מען בעדארף אויך דערצו א "זכרון" האבען, "נזכרים ונעשים", זוכער'ין אונ טאהן, אלעם מיט א רעכנונג, מיט א קלארען זין, זעהן צוא טרינקען — אבער ניט זויפען אונ זינקען, עסען — אבער ניט פרעסען, ניט קיין פערסיאנער זולל וסובא זיין, טרינקען מער ניט "עד דלא ידע" אבער ניט "לא ידע" אויך אין כלל, ניט וויסען וואו מען איז אין דער וועלט "בין ארור המן לברוך מרדכי", פון תאוה וועגען א-נ-אסימי-ליאטאר א יודעפאב ווערען? גאט בעהיט! ניט פערגעסט, אז דער בוקאל האט אייך צו קולי-קולות געבראכט, דער ביסען פון משתה אחשורוש — צו המן'ס צאהן בייסען, חז "וישמן ישרון" — איז "וישכח אל מחוללך"; מען קען זיך אזוי פערטראכטען אין גלאזעל ביז מען קען אויף גאט אויך פערגעסען

---

אונ איבער הויפט צו פריקת עול מלכות שמים ומלכותא דארעא, איז ווען אויך מיט דער נאטור איז זיא געוועזן אב גיצערט דיא גיזיכט פון דיא 3 יום-כפורים נאכאנאנד, האט דער בורא הטבע ארויף גיצויגין אויף איר אתום של חסד (ותלבש אסתר מלכות ע"ד צדק לבשתי וילבשני) אונ זיא האט גיפונען חן ביי אחשורוש אינ איים גיווירקט טטעם איף אירע ברידער דעם כלל ישראל.

פערגעסען . . . אויך — שרייבט אסתר אין איהר מאניפעסט, צוא איהר פאלק — אז איבערהויפט בעט איך, מיינע ברידער אונ שוועסטער די אינטעליגענטען: „אחדות" זאל זיין! דעם אבראד אלע גלייך צוזאמען פינקטליך זעהן אפהיטען! אונגליק זא וויא גליק, ליידען זא וויא פריידען; א מיט-גליעד אין דער יודישער מיטטהוּנג זיין! ח"ו זיך מן הצבור ניט פורש זיין! „לקיים עליהם את ימי הפורים האלה, את ימי הצומות וזעקתם", צו היטען דעם „פאסט-עספירא" גלייך וויא דעם „האמאנא-ושערעב" אונ האמאנא-אוכא", ד"ג אלע רעליגיאזע צייטען אין אלע זייטען: תשעה-באב — זא וויא שבת-נחמו, יום כפור - זא וויא ערב יום כפור, הושענא-רבא — זא וויא שמחת-תורה, ז. וו.; זיא ענדיגט איהר שרייבען אונ קומט מיט איהר אונטערשריפט זעלבסט מיט איהר יודישען נאמען „אסתר בת אביחיל" (נאך איהר — איהר פעטער דער מיניסטער מיט זיין יודישען נאמען) „מרדכי היהודי".

דערום דערצעהלט אונז אונזער מגילה „ומאמר אסתר קים את דברי ימי הפורים האלה" ד"ה: אז נאר דורך אסתר'ס פריקאז איז בעשטימט געווארען דיעזע בעשרייבונג פורים'ס, אונ שוין 2275-טער פורים (פון יאהר 3388 ביז דיעזען יאהר 5663) אז אסתר'ס איייניקלעך היטען אפ מיט אלע פינקטליכקייט. יא, דעם פורים משתה ושמחה, דעם „לבסומי" היט יעדער יוד, אפילו אונזערע אינטעליגענטישע יונגע לייט מיט אונזערע אריסטאקראטקעס, דען א „האמאנא-אוכא" איז ניט שלעכט, א יום-טוב'דיג צימעס — אויך קיין באז, פון א „לבסומי" קען קיין „להשמיד" אויך ניט קומען, אלעס, אלעס גוט, אדער גישקשה! אבער . . . וואו נעהמט מען א ביסעלע באלזאם, א ביסעלע זכרון? וואו קריגט מען נאך א „אסתר המלכה", חאץ אויף א קליין צייט? א קאקעטקע פון מין-היפה, וועלכע זאל מיט איהר דרשה מיט איהר שאנע רעדע צו זאמען מיט איהר שאהן געזיכט, אויסנעהמען, חן געפינען ביי איהרע ברידער די אינטעליגענטין, אז זייא זאלען אויך דעם „פאסט-עספירא" וועלען היטען? חאץ ניט שלשה ימים נאכאנאנד! . . . *) וואו נעהמט מען א „מגידית אסתר"? דען נור א פרעדיגערן; נור א „מטפת" בעדארף אונזער יונגער דור האבען! ניט א מגיד, א פרעדיגער, א מטיף קען זייא קורירען, נור א מ ט פ ת, א „א ס ת ר" ניט א מ ר ד כ י... אט וויא אין געווארק איז ניט לאנג

בייא

*) צום בעדויערן זיינען אונזערע אינטעליגענציע גאר טענצער, טאנצין אויף פערשיעדענע חתונות, צום „לבסומי", צו אגוטע גלעזיל משקה, זיינען זייא מרדכי'ס צד. ליידער אבער צו תענית אסתר ווערין זיי פלוצלונג המן'ס צד. עפעס גאר איבער-גידרייטע שלעסלאך. קענען ניט בעזיצען קיין פעסטין כאראקטער, (עי' מחברתי מעשה אלפס ח"ב צד 66 בביאור נוסח „לקבוע מזוזה").

בייא אַ יוּדישֶׁע גֶעמֵיינְדֶע אַ דאמְמֶע ראַבְּבִּינִשֶׁע אוּנ פְּרֶעדיגֶערִן גֶעוֶוארֶען, אַ רַבָּנִית אוּנ מַטֶּפֶת (נאַר ווער ווייס אויב זיא איז נים אַ ושתי גאָר? . . .) נָאר אֵיךְ שֶׁיִּהְיֶה וַוייסֶען מִיר אַז בְּדוֹר הַהוּא אִיז נָאר „מַאֲמַר אֶסְתֵּר קִיֵם", אֶסְתֵּר'ס רֶעדֶען הָאט גֶעוִוירְקְט אויף יֶענֶעם יוּנְגֶען דוֹר, פִיל מֶער פַאר מָרְדְּכַי'ס ! . . .

דֶערוּיף שְׁרַייט אוּנְז דיעזֶער שַׁבָּת: זָכוֹר אֵת אֲשֶׁר עָשָׂה לְךָ עֲמָלֵק — לֹא תִשְׁכָּח", אַז דוּא בִּיסְט אַ „וְלֹא יְרֵא אֱלֹהִים" גֶעוֶוען, דֶערוּם הָאט דֶער אֲגָגִי פַאר דִיר מוֹרָא גֶעהַאט פִילְלַייכְט בִּיסְט דוּא אויךְ קֵיין „יְרֵא מֶלֶךְ", אָט הָאט עֶר גֶע'מַסֶר'ט, אָט הָאט עֶר אַ „לְהַשְׁמִיד" גֶעוָואלְט מַאכֶען . . . טָא „זְכֹר יְמוֹת עוֹלָם" ! „זָכוֹר אֶת יוֹם הַשַּׁבָּת — עַל הַכּוֹס טַאקִי, פֶערְטְרַייבֶּען דֶעם אוּמְמוּטְה, „יִשְׁתֶּה וְיִשְׁכַּח רֵישׁוֹ", אָבֶּער אויךְ „לְקַדְּשׁוֹ", גֶעדֶענְק ! „וְהַיָּמִים הָאֵלוּ נִזְכָּרִים וְנַעֲשִׂים" „חַיָּיב אִינַשׁ לִבְסוּמֵי" אָבֶּער „עַד דְּלָא יָדַע" נִיט „לֹא יָדַע" אִין כְּלַל . . . דֶען לָאזְט זִיךְ אִין „כּוֹס" אַריין דַאן „וַיִּשְׁכַּח מְחוֹקֵק", קֶען מֶען זִיךְ אויפ'ן רֶעלִיגְיָאן פֶערְגֶעסֶען, „וַתִּשְׁכַּח אֵל מְחוֹלְלֶךָ" — אויף גָאט אויךְ, אוּנ אויף זִיךְ אויךְ ! מֶען פֶערְגֶעסְט אויפ'ן פָאטֶער פוּן אַלֶע עוֹלָמוֹת, אויפ'ן אַלְטֶען פָאטֶער וָואס אויף יֶענֶעם עוֹלָם, אויפ'ן פָאטֶער פוּן דיעזֶען עוֹלָם אוּנ אויף זִיךְ זֶעלְבְּסְט . . . דֶערוּם גֶעדֶענְקְט פַאר אֶסְתֵּר-תַּעֲנִית אוּנ פוּרִים: אַז מֶען דַארְף גֶעדֶענְקֶען ! זִכְרוּ כִּי עֲלֵיכֶם לִזְכֹּר ! . . .

זִכְרוּ אֶת פָּרָשַׁת זָכוֹר !

זִכְרוּ, אַחִים, זִכְרוּ ! . . .

---

# הטפה שמינית לשבת הגדול.

400 יָאהר לְגֵרוּשׁ פּוֹרְטוּגַאלְיֶען (5257-5657). — דיא קֶאנִיגְלִיכֶע רַחֲמָנוּת אויפ'ן יוּנְגֶען דוֹר. — דיא בְּרִידֶערְלִיכֶע שִׂנְאָה אוּנ זֵייעֶר עוֹנֶשׁ. —

דֶער לֶעצְטֶער נָבִיא, מַלְאָכִי, אִין דֶעם לֶעצְטִין סֵפֶר פוּן די נְבִיאִים, אִין דֶעם לֶעצְטֶען פָּסוּק פוּן לֶעצְטֶען קאפִּיטֶל הָאט אוּנְז הַיינְט גֶעשְׁרִיבֶּען דוּרְכִ'ין מוּנְד פוּנ'ם בַּעַל-מַפְטִיר; עֶר הָאט אוּנְז דֶערְמָאהנְט, אַז מִיר זָאלֶען זִיךְ דֶערְמָאהנֶען אוּנ גֶעדֶענְקֶען אויף תּוֹרַת-מֹשֶׁה, עֶר זָאגְט: זִכְרוּ תּוֹרַת מֹשֶׁה עַבְדִּי — חֻקִּים וּמִשְׁפָּטִים „הִנֵּה אָנֹכִי שׁוֹלֵחַ לָכֶם אֵת אֵלִיָּה הַנָּבִיא לִפְנֵי בּוֹא יוֹם ד' הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא וְהֵשִׁיב לֵב אָבוֹת עַל בָּנִים וְלֵב בָּנִים עַל אֲבוֹתָם". וָוען אִיז דֶער „יוֹם הַגָּדוֹל" וַוייסֶען מִיר נִיט ! אַזוֹי וִויא מִיר וַוייסֶען נִיט פַארְוָואס

הייסט דיעזער שַׁבָּת מִיט דָעם נָאמֶען „גָדוֹל״, אִיז עֶר דֶען גְרֶעסֶער לֶאנְגֶער פוּן אַלֶע שַׁבָּתִים ?

אִין דִיעזֶע קוּרְצֶע װֶערְטֶער לִיגְט לַאנְגֶע גֶעדַאנְקֶען, מִיר װֶעלֶען אַייךְ דִיעזֶעס דָא עֶרְקְלֶערֶען, נָאר, אַייךְ בְּרִידָער, זָאל דִיא צַייט נִיט לַאנְג זַיין אוֹיסְהֶערֶען אַלֶעם מִיט גֶעדוּלְד !

מִיר פֶּערְהָאפֶען אַז מִיר װֶעלֶען אִין קוּמֶענְדֶען פֶּסַח צוּם סֵדֶר װִידֶער זָאגֶען אַלֶעס װִיא אַלֶע יָאהר, דֶעם אַלְטֶען, אַלְטֶען נוּסַח פוּן סֵדֶר הַגָדָה שֶׁל פֶּסַח, אִיבֶּערְהוֹיפְּט װֶעט אִיהר גוּט בֶּענֶעהְמֶען דִיעזֶען קְלֵיין מַאֲמָר׳ל פוּן דֶער הַגָדָה, אִיךְ פֶּערְהָאף אַז װֶען אִיהר װֶעט נָאר אִין זִינְן גֶעהְמֶען יֶעצְטִיגֶע כְּרָאנָאלָאגְיֶע װָאס אִיךְ װֶעל אַייךְ דָא פָּארְלֶעגֶען, דָאס אִיז : פָּארְטוּגַאלִישֶׁען גֵרוּשׁ, װֶעלְכֶער אִיז אִין דִיעזֶען טָאג מִיט 400 יָאהר צוּרִיק גֶעוֶועזֶען • דַאכְט מִיר, אַז אִיהר װֶעט אִיהם הַאי יָאהר שׁוֹין מִיט חֵשֶׁק זָאגֶען •

דֶער מַאֲמָר אִיז : „שְׁפֹךְ חֲמָתְךָ — בִּיז : שְׁמֵי ד״״.

דִיעזֶער מַאֲמָר אִיז פוּן 2 פְּסוּקִים פוּן תְּהִלִּים אוּנ פוּן 1 פָּסוּק אִין מְגִלַּת אֵיכָה צוּזַאמְמֶענְגֶעזֶעצְט ; דִיא װָארְטֶען זֶענֶען דַאכְט זִיךְ נָאר דִיא זֶעלְבֶּע, אַלֶע אֵיין מֵיינוּנְג, נָאר נָאךְ דֶעם גוּט צוּ קוּקֶען זִיךְ דֶערְזֶעהְט מֶען עֶרְשְׁט דִיא לָאגִיק פוּן זֵייא • דֶער פֶּערְפַאסְסֶער פוּן דִיעזֶען מַאֲמָר הָאט דָא בַּאוִויזֶען אוֹיף דִיא 3 גָלוּתְ׳ן : בָּבֶל, פָּרַס אוּנ רוֹים • דִיעזֶע עֶרְשְׁטֶע הָאט אוּנְזֶער עֶרְשְׁטֶען טֶעמְפֶּעל פֶּערְנִיכְט ; דִיא 2-טֶע — הָאט גֶעוָואלְט אָן יוּדֶען אַ הֲרֵיגָה אִין גַאנְצֶען מַאכֶען ; אוּנ דִיא 3-טֶע — הָאט טַאקִי גֶעמַאכְט, אַ חוּרְבָּן שֵׁנִי, אוֹיךְ אַ עֶווִיגֶען לַאנְגֶען תִּשְׁעָה-בְּאָב אַ 2-טוֹיזֶענְד יָאהְרִיגֶען • בָּבֶל דִיא מַרְשַׁעַת װָאס הָאט נָאךְ דִי טוּמְאָה אִין יִרְאָה אַרַיינְגֶעשְׁטֶעלְט, זִיא הָאט גֶעזָאגְט : אַז זִיא אִיז נָאר גָאטְס קַאנְטְשִׁיק, זַיין רוּטְה װָאס פַאר יִשְׂרָאֵלִ׳ס זִינְד הָאט דֶער הִימְמֶעלְשֶׁער פָּאטֶער מִיט בָּבֶל גֶעשְׁמִיסֶען זַיין קִינְד, אִיז דֶען דֶער רוּטְה שׁוּלְדִיג דֶערַיין ? — זָאגְט בָּבֶל • דִיא מַרְשַׁעַת אָבֶער װֵייס בַּייא זִיךְ גַאנְץ גוּט אִיהר שֶׁקֶר, זִיא װֵייס אַז זִיא הָאט אַזוֹינְס נִיט פוּן יִרְאַת-שָׁמַיִם גֶעטְהוּן, אַ פְּרָאבֶּע הָאט אִיהר דֶערְצוּ, װֶוענְן זִיא װָאלְט נָאר גָאטְס מַאנִיפֶּעסְט גֶעהִיט, הָאט זִיא דָאךְ קֵיין נְפָשׁוֹת אַם עֶרְשְׁטֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק נִיט בֶּעדַארְפְט פֶערְנִיכְטֶען ; דֶען בַּייא גָאט אִיז אַ אַלְטֶע פְּרַאוִילֶע דָא, אַז : „אֵין הקב״ה פּוֹגֵעַ בִּנְפָשׁוֹת תְּחִלָּה״ ד״ה : גָאט בֶּערִיהְרְט נִיט אַם אָנְפַאנְג שְׁטְרָאף, נְפָשׁוֹת פֶּערְנִיכְטֶען • בָּבֶל אָבֶער הָאט נִים אַזוֹי גֶעטְהָאן דָאךְ, „כִּי אָכַל אֶת יַעֲקֹב״ בֶּערִיהְרְט אִין אָנְפַאנְג, קֶערְפֶּערְן, אוּנ דֶערְנָאךְ „וְאֶת נָוֵהוּ הֵשַׁמּוּ״ יִשְׂרָאֵלִ׳ס װָאהְנוּנְג זַיין אִימֶענְיֶע רַאזָארֶעט, אַלְזָא בֶּעטֶען מִיר : „שְׁפוֹךְ חֲמָתְךָ ה׳ אֲשֶׁר בְּשִׁמְךָ לֹא קָרָאוּ״, זֵייא הָאבֶּען

דאָס בּאַז ניט דורך גאָטס ווילען געטהון, נייערט פון זיך זעלבּסט.

פּערסיע די נאַרישע מערדערין, וואָס ווי זי האָט נור דערזעהן אַז די אינטעליגענטין לעבּען אַפריי לעבּען (ווי מיר האָבּען אין אונזער רעדע צו פּורים בעשריבּען) אָט — קלערט זי זיך — פירגעווים קוקט שוין אויף זיי מעהר ניט גאָט, הסתרת-פּנים איז שוין דאָ, די השגחה האָט זיי אונטער דער נאַטור געוואָרפען „והיה לאֱכול" איך וועל שוין ישׂראל'ן ווי אַ גוט ביסען אַריינ־פרעסין, דען מיט דער נאַטור בּין איך געווים שטאַרקער! דאַן וויל זי אַ להשמיד ולהרוג מאַכען. עס האָט אָבּער איהר ניט געלונגען, דען אַלע האָבּען זיך צוריק צו גאָט געקערט, עס איז אַ ניצעקו געוואָרען, און די השגחה האָט זיי ניט פערלאָזען. אַלזאָ בּעטען מיר: „שפוך עליהם זעמך וחרון אפּך ישׂיגם" בּעשטראַף זיי טאַקי מיט דיין צאָרין, טאַקי מיט דיין השגחה, דען מיט הסתרת פּנים מיט דער נאַטור וועט זיי קיין שלאַק ניט געהמען, דען זי איז נאָך ווי אַ מויער שטאַרק, יאָג זיי, גיב זיי אין פלעצבּען!...

און רוים די דימאַנט, דיעזע חצופה וואָס האָט נאָך דעם גרונד פון טיעף, טיעף געוואָלט פערניכטען, זי האָט „ערו ערו עד היסוד בּה" געשריען, פערניכט, פערניכט — זאָגט זי — בּיז גרונד! דערום, גאָטעניו, בּעצאָהל איהר מדה בּמדה: „תרדוף בּאף ותשמידם מתחת שמי ד'"! קאַראַנייע זי אויס אַז קיין געדעכעניש זאָל פון איהר פערבּלייבּען אונטער גאָטס אַטמאָספּערע!

אַ וואונדערבּאַרליכע געשיכטע האָבּען יודען, ניט נור אַכטונג, שוין 3210 יאָהר הײנטיגען טאָג, זינט מען איז פון יעגיפּעט פּטור געוואָרען, און די וועלט האָט נאָך פּרעה'ס שטיק ניט פערלאָרען! אין מצרים „וישׂימו עליו שׂרי מסים", און אין שפּאַניע, אין פּורטוגאַל וואָס איז געוועזן? אויך אָפּ־צאָהלונגען און מסים! אין מצרים — „מי ומי ההולכים" טענה'ט פּרעה, און אין פּורטוגאַל ד"ג זאָגט דון-מנואל! „ראו כּי רעה נגד פּניכם, לכו נא הגברים רק טפּכם יוצג" האָט זיך געוואָלט פּרעה'ן; און חאַפּען קינדערלאַך נויטען מיט געוואַלד אין קאַנאַל אָפּטונקען, טובל'ען — האָט זיך געוואָלט דון-מנואל'ן. אָט הײנט וועט 400

איהר הערט נור אַ געשיכטע אַ יודישע עפּאָכע: אָט הײנט וועט 400 יאָהר זינט מען האָט אין פּורטוגאַליען אום שבּת-הגדול (ה' רנ"ז) די יודישע קינדער טובל'ען געשלעפּט, קינדער קליינע אויך גרויסע בּיז 20 יאָהר בּחורים ובתולות, און פערבּייגעהענדיג — אויך פיעל עלטערין, אַנשטאָט וואָס אין מצרים האָבּען יודען אין דיעזען טאָג שעפּסעליך צום קרבּן-פּסח גענומען, מען האָט „משכו וקחו לכם צאן" מקיים געווען, האָבּען די פּורטוגאַלישע

נאַרדאָוויע

גארדאוויע יודישע קינדער פאר די האר פון קאפף אויפ'ן ברוק פון די גאסען צום קאנאל געשלעפט!

דען אין יאהר רנ"ב אז אויף שפאנייעשע יודען האט דער גרוש בעדארפט קומען, דאן האבען זיך די געמיינדעס אין פארטייען געטהיילט, וועלכע אין אפריקא, איטאליען, טורציע, וועלכע עס האבען גאר געקלערט נור געבען שפאניען פערבלייבען, דען זייא האבען גערעכענט אז עס קען געבען די שפאניעשע מלוכה וועט נאך צום פערשטאנד קומען, זיא וועט נאך זייער אנוועקגעהן פון איהר, זיך בעקוקען, אונ געפינען איהר ווירטהשאפט, איהר פאבריקאציאנס-שטאנד, איהר פינאנס געהט צום שטראנד, דען די יהודים זענען פעהיג, קאמערציאנטען, טראנספארטירער ד"ג אין האנד-ווערבעריא, קינסטלער ז. וו., דערום האבען זייא גערעכענט, כמעט וויא פירגעווים, די שפאנישע רעגירונג וועט זייא אין א קליין צייט צוריק רופען; אלזא איז בייא זייא מיט זייער ראבבינער ר' יצחק אבוהב (דער מחבר פון ספר „מנורת המאור") געבליבען אז מען זאל צו דון-יואן, פורטוגאלישען קאניג, א דעפוטאציע שיקען אונ בייא איהם דערוויילע פערבלייבען פאר דער מטבע, בעטען.

וכך היה. דען ר' יצחק מיט 30 ערהאבענע מאננער האבען ביי'ן קאניג כמעט אזוינס גע'פועל'ט, נאר איינינע ברידער, די יודען פון די אלטע פורטוגאלישע בירגער האבען א ביסעל קאילע געמאכט, דען דער גוטער שטן פון שנאת-חנם האט זיך דארט א מיש געטהון, אונ דורך זייער איינען נוטץ וואס זייא האבען פאר קאנקורענציע פחד געהאט האבען זייא די ספרדי'ישע יודען ביי'ן קאניג א טובה געטהון, ער האט זייא נור אויף 8 חדשים צייט אין זיין לאנד ערלויבט זיין, אונ דאס אויך פאר גוט געלט פדיון. ער האט זיך אויך מתחייב געווען זייא קאראבין אויף אפפירען אויפ'ן ים, וואהין זייא וועלען פערלאנגען, געבען. אם ענדע זענען דיעזע שיפסקאפיטאנען שלעכטע געווען, אונ האבען פיעל פאסאזשירען דערטרונקען, פיעל פאר קנעכט פערקויפט, די איבעריגע זענען אין ליידען אין שפאניען פערבליבען, דער רבי ר' יצחק איז אויך אבגעשטארבען, זייא זענען וויא א שיף אהן א זיגעל פערבליבען. נאך די 8 חדשים האט דער „יואן" די פערבליבענע זיך מכיר צו זיין גענויטה, 10 יאהריגע קינדער גענומען — אונ זייא מיט „טבילה" פערשוואומען.

ביז דער עווינער האט געהאלפען ער האט דעם קונץ געמאכט, מען האט איהם מיט טהרה-וואסער בעוואשען — ער האט גע'מת'ט, אונ זיין

שוואגער

שוואַגער דון-מגואל איז קאָניג געוואָרען. דיעזען בחור האט זיך דעם שפּאַניעשען קאָניג'ס טאָכטער איזאַבעלא פערגעלובט. דיעזע פּרינצעסין איז געוועזען אין פאָטער פערדינאַנד אונ מוטער איזאַבעלא געראַטען, אַ העלבעניצע געווען, דערום האָבען דיעזע מחותנים דעם חתן ניט געוואָלט, וואו ער זאָל זייא אויף 2 פּונקטען ניט צוזאָגען, ערשטענס: צו געבען זייא הילפע אינ'ם שטרייט, וואס זייא קלערען אויף פראַנקרייך גיהן; צווייטענס: אַז ער זאָל אַלע יודען פון זיין לאַנד אַרויסשמייסען, אָבער טאקי "אַלע", אפילו די אַלטע יודישע בירגער אויך.

ער פּריוואַט אפילו זיין אַטינאַנט קיין ספרד שיקען, פּילייכט וועט ער דעם 2-טען פּונקט אָפּבעטען, דען דיעזער מגואל האט קיין יודענפּאַבסטוואָ געהאט, ער האט נור יודישע מטבע געליעבט. נאָר די כלה זאָגט, אַז איהר פוס קען אין שפּאַניען ניט טרעטען, כל זמן אַז יוד וועט דאָרטען שמעקען.

אום 1-טען חנכה (הרנ"ז) ווערט אַ תנאים, צו יודישען שלימזל, געשריבען. אונ 5-טען חנכה געהט פון איהם אַ מאַניפעסט אַרויס: אַז אין אַ משך פון 11 חדשים צייט זאָל אַ יודיש פוס אין פּורטוגאַל ניט בלייבען, אונ ווער עס וועט פויל זיין פוס מאַבען—איז 1 פון דיעזער 2: אָדער ער וועט פאַר אַ שקלאַפע פערקויפט ווערען, אָדער קתוליזום צונעהמען.

דיעזער יונגערמאַנטשיק וויל דאָך אין גרונד די יודישע קאָפּלעך מיט דער מטבע צוזאַמען ניט לאָזען, אַלזאָ איז איהם דער לעצטער פּלאַן בעסער געפעהלען. איך בעדאַרף—זאָגט מגואל—דיעזע מענשעלעך זאָלען בייא מיר פערבלייבען!

ער שיקט אום "שבת-הגדול" (אָם היינט ווערט פּונקט 400 יאָהר) צו זיינע גובערנער, מען זאָל קינדער ביז 20 יאָהר צום וואַסער מיט געוואַלד שלעפּען, אינ'ם ערשטען טאָג פון קאַתאָלישען פּסח.

יודען האָבען אַזוינס דערשטעקט, האט מען געגומען די פּליטה מאַבען. דער קאָניג דערשפּיהרט אַזוינס, ער פערשאַפט: אַז מען זאָל מאָמענטאַלנע אַלע יודען צום פּאָרט ברייגגען. מען צוזעטצט אַלעמען אין טהורמעס, מען איז מתרה: אויב ניט, וועט מען ענוים קשים אָנטאָהן, מען מוז די אמונה וועקסלען. יודען די עם-קשה-ערף וואַרפען זיך פונ'ם פענצטער אויף די שטיינער פון גאס... אַנדערע מאַבען אַ שחיטה איינער דעם צווייטען... די איבעריגע הועקסלען אום די אמונה... עס ווערט פון 20 טויזענד יודען אַ תל!

דִי אֵיינְקְלֶעךְ פֶּערְגֶעסֶען זִיךְ מִיט דֶער צַייט זֵייעֶר שְׁטַאמְמֶע . . . אָט הָאט אִיהר אַגְרוּשׁ אִין קוּרְצֶען!

אָט, בְּרִידֶער! הָאט אִיהר אַוִויכְטִיגֶען בֶּעגְרִיף פוּנ׳ם שְׁטְרָאף פוּן שִׂנְאַת חִנָּם, וִויא דֶער עֶווִיגֶער הָאט בֶּעצָאהְלְט דִיא פּוּרְטוּגַאלִישֶׁע יוּדֶען. זֵייא הָאבֶּען זִיךְ פֶּערְגֶעסֶען אַז זֵייא זֶעלְבְּסְט זֶענֶען אוֹיךְ קֵיינֶע זֶעלְבְּסְט-שְׁטֶאנְדִיגֶע דָארְט, זֵייא זֶענֶען אוֹיךְ נוּר גֵרִים.

אָט, בְּרִידֶער! זֶעהְט אִיהר וִויא דִיא אַלְטֶע יֶעגִיפְּטִישֶׁע שִׂנְאָה פוּן „וְעָלָה מִן הָאָרֶץ" אִיז אַגִילְטִיגֶע מַטְבֵּעַ עוֹבֵר לַסוֹחֵר אִין פּוּרְטוּגַאל אוֹיךְ גֶעוֶוען. „וַיָּקוּצוּ מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל", מֶען לַיידֶעט דֶעם יוּדֶען נִיט, דָאךְ ווִילְט זִיךְ זֵייא אִיהם אִין גַאנְצֶען נִיט לָאזֶען. אַרוֹיס אוּנ אַרוֹיס, אַוֶועק אוּנ אַוֶועק פוּן מִיר, עֶר אִיז שְׁלֶעכְט אוּנ שְׁלֶעכְט אוּנ, לְסוֹף? הָאט אִיהם אַשְׁכְּנַז, פְּרַאנְצֶיזֶע אוּנ בֶּאהְמֶען אוֹיסְגֶעשְׁמִיסֶען אוּנ ווִידֶער צוּרִיק גֶעבֶּעטֶען. אוּנ פּוּרְטוּגַאל הָאט מִתְּחִלָּה אִיהם גִיט גֶעוָואלְט אַרוֹיסְלָאזֶען, דִיא אֱמוּנָה נוּר וֶועקְסְלֶען, אוּנ יוֹצֵא.

אִין דִיעזֶען טָאג מִיט 400 יָאהְר צוּרִיק שַׁבָּת-הַגָּדוֹל אִיז אַצְעָקָה גְדוֹלָה אִין פּוּרְטוּגַאל בַּייא דִיא יוּדֶען גֶעוָוארֶען, כִּי אֵין בַּיִת אֲשֶׁר אֵין שָׁם — אַ גֶעטוֹיפְטֶער, אַנְשְׁטָאט פֶּערְצַייטֶען אִין מִצְרַיִם וָואס „כִּי אֵין בַּיִת אֲשֶׁר אֵין שָׁם מֵת" בַּייא דִיא יֶעגִיפְּטֶער.

דֶערוּם זָאגְט אוּנְז דֶער נָבִיא מַלְאָכִי: „זִכְרוּ תּוֹרַת משֶׁה עַבְדִּי — חֻקִּים וּמִשְׁפָּטִים" ד״ה — שְׁרַייט עֶר — גֶעדֶענְקְט אוֹיף דֶעם אַלְטֶען קוֹנְפוּרֶענְץ וָואס אִיז גֶעשְׁרִיבֶּען אַז טָאלֶערֶענְץ מוּז זַיין.

„הַקָּהָל!" שְׁרַייט דִיא תּוֹרָה — חֻקָּה אַחַת וּמִשְׁפָּט אֶחָד יִהְיֶה לָכֶם גֵּר וְלָאֶזְרַח הָאָרֶץ", אַלֶע מֶענְשֶׁען זֶענֶען גְלַייכֶע בִּירְגֶער אוֹיף דִיעזֶען עֶרְד-קוּגֶעל.

„הִנֵּה הַיּוֹם בָּא בּוֹעֵר כַּתַּנּוּר — אֲשֶׁר לֹא יַעֲזֹב לָהֶם שֹׁרֶשׁ וְעָנָף" ד״ה אַטָאג אִיז דָא אוֹיף אַלֶעס, אַעֶנְדֶע וֶועט גֶעהְמֶען אַלֶע בֶּאזֶע לַייט, עֶר מֶעג זַיין יוּד, שְׁפַּאנְיֶער, פּוּרְטוּגַאלְיֶער, לַיידֶעט עֶר נָאר נִיט דֶעם צְוֵייטֶען וֶועט פוּן אִיהם קֵיין גוּטֶער סוֹף זַיין . . . וואוּ זֶענֶען יֶענֶע יֶעגִיפְּטֶער? וואוּ זֶענֶען דִיא שְׁפַּאנְיֶער, דִיא פּוּרְטוּגַאלְיֶער? יָא זֵייא זֶענֶען נָאךְ דָא אוֹיפ׳ן אַטְלַאס, אוֹיפ׳ן עֶרְד-שַׁארִיג, אָבֶּער נִיט וָואס גֶעוֶוען! שְׁפַּאנְיֶען, פּוּרְטוּגַאלְיֶען — אָרֶעם, עֶלֶנְד, יֶעגִיפֶּעט — גֶעמֵיין אוּנְטֶערְטַאן בַּיי דֶעם שׁוּלְטַאן אוּנ בַּיי עֶנְגְלַאנְד . . . אוּנ מִיר? מִיר פְּרַאוֶוען בַּאלְד אַסֵדֶר! מִיר לֶעבֶּען יֶענֶע אוֹיף לְהַכְעִיס, אוּנ זָאגֶען: „שְׁפוֹךְ הֲמָתְךָ! . . ."

אַי וָואס, מִיר הָאבֶּען פִּיעל, פִּיעל קִינְדֶער אִין פּוּרְטוּגַאל אָנְגֶעוָוארֶען?

אט

אט דיא אַסִימִילִירְטֶע וָואס זֶענֶען שׁוֹין דָארְט הָאבֶּער פוּן 13 דוֹרוֹת אִין קַתָלִיקֶען פֶּערְמִישְׁט ? 20 טוֹיזֶענְד יֶענֶע גֶעטוֹיפְטֶע אוּנ דֶערְשְׁטִיקְטֶע, הַיינְט דִי עֶרְשְׁטֶע סְפָרְדִ׳ישֶׁע גֵּרִים וָואס זֶענֶען אִין אַ מֶשֶׁךְ פוּן 8 חֳדָשִׁים צוּם שְׁטְרַאנְד גֶענַאנְגֶען ?

נו, פֶערְהָאפֶען מִיר, אַז עֶס וֶועט אוֹיךְ מְקוּיָם וֶוערֶען דִי לֶעצְטֶע וָוארְטֶער פוּנ׳ם לֶעצְטֶען נָבִיא, אַז: „הִנֵּה אָנֹכִי שׁוֹלֵחַ לָכֶם אֵת אֵלִיָּה הַנָּבִיא לִפְנֵי בּוֹא יוֹם ד׳ הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא וְהֵשִׁיב לֵב אָבוֹת עַל בָּנִים וְלֵב בָּנִים עַל אֲבוֹתָם״. ד״ה דֶער עֶווִיגֶער וֶועט שׁוֹין נָאךְ אַ מָאהל צוּ אַזוֹינְס נִיט דֶערְלָאזֶען, נָאךְ אַזַא „יוֹם גָדוֹל וְנוֹרָא״ נָאךְ אַזַא „שַׁבָּת גָדוֹל וְנוֹרָא״ וִויא מִיט 400 יָאהר צוּרִיק הַיינְטִיגֶען טָאג אִיז גֶעוֶועֶן, וֶועט שׁוֹין מֶעהר נִיט זַיין! דֶען עֶס וֶועט קוּמֶען אֵלִיָּהוּ הַנָּבִיא, אַ מְקַנֵּא קִנְאַת ד׳ צְבָאוֹת, וָואס וֶועט זִיךְ בֶּעמִיהֶען שָׁלוֹם צְווִישֶׁען עֶלְטֶערִין אוּנ קִינְדֶער מַאכֶען. זַייא בֵּייְדֶע זָאלֶען אִין אֵיין אִידֶעאַל הַאלְטֶען, אִין דֶער אֱמוּנָה פוּן „ד׳ אֶחָד הַגָּדוֹל וְהַנּוֹרָא״ דַאן וֶועט זַיין „מִי כְּעַמְּךָ יִשְׂרָאֵל גּוֹי אֶחָד בָּאָרֶץ״, דַאן וֶועלֶען מִיר עֶרְשְׁט אַ פְּרֶאהְלִיכֶען פֶּסַח הָאבֶּען! דַאן וֶועלֶען מִיר עֶרְשְׁט דָעם הַלֵּל הַגָּדוֹל אִין יוֹם הַגָּדוֹל מִיט פְרֵייד זִינְגֶען!

---

## הטפה תשיעית לראשון דפסח.

**דיא הויפּט אורזאכע פון גָלוּת מִצְרַיִם. — דיא פְרֶעמְדְלִינְגְהַייט אונ דער קַאפִּיטַאל. — דיא פֶערְגַאנְגֶענֶע אוּנ פֶערְבְּלִיבֶּענֶע.**

נֶעכְטִין אָבֶענְד הָאבֶּען מִיר אַלֶע גֶעזָאגְט: „בָּרוּךְ שׁוֹמֵר הַבְטָחָתוֹ לְיִשְׂרָאֵל, שהקב״ה חִשֵּׁב אֶת הַקֵּץ לַעֲשׂוֹת כְּמָה שֶׁאָמַר לא״א בבה״ב, שֶׁנֶּאֱמַר יָדוֹעַ תֵּדַע כִּי גֵר יִהְיֶה זַרְעֲךָ בְּאֶרֶץ לֹא לָהֶם, וַעֲבָדוּם וגו׳ ואח״כ יֵצְאוּ בִּרְכוּשׁ גָּדוֹל״. ד״ה: אַ דַאנְק דֶעם וָואס הִיט זַיין הַבְטָחָה צוּא יִשְׂרָאֵל, דֶען דֶער הַיילִיגֶער הָאט אַם עֶנְדֶע בַּארֶעכְנְט טָאהן זָא וִויא עֶר הָאט אַבְרָהָמ׳ען פֶערְשְׁפְּרָאכֶען: „אֵיין פְרֶעמְדְלִינְג וֶועט דַיין קִינְד זַיין אִין אֵיין פְרֶעמְדֶעס לַאנְד״, ז. וו., עֶרְשְׁט נַאכְהֶער אָבֶּער וֶועלֶען זַייא מִיט פִיעל קַאפִּיטַאל אַרוֹיס גֶעהְן.

אוּם גוּט צוּ פֶערְשְׁטֵיין דִיזֶעס בֶּעדַארְפֶען מִיר דָא עֶרְקְלֶערֶען דִיא וָוארְטֶען פוּן שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ אִין זַיין סֵפֶר „חָכְמַת שְׁלֹמֹה רַבְּתָא״. עֶר שְׁרַייבְּט אִין עֶנְדֶע סֵפֶר: „דִי מִצְרַיִם הָאבֶּען גְרוֹיסֶע בֶּאז מִיט דִיא גֵרִים גֶעטְהָאן, דֶען זֵיי הָאבֶּען גִיט גֶעשֶׁעצְט דִיעזֶע עֶלֶענְדֶע; זַייא הָאבֶּען זַייעֶרֶע בַּעֲלֵי טוֹבוֹת מִיט שְׁוֶוערֶע

לאסט בעארבייט; זייא האבען אויך ניט פערגונגען ווער עס האט פאר דיא גרים אגוט װארט פערװארפען; זייא האבען דיעזע גרים אם אנפאנג מיט דעם גרעסטען כבוד ענטפאנגען, נאכהער האבען זייא דיעזע פאר קנעכט געפאנגען, האץ אלעם אמת זענען זיי בירגער מיט זיי זעלבסט גלייך געװעזען״.

48 מאהל פערזאגט אונז אונזער ליבע תורה: א גר ליעבען, א גר ניט דריקען, א גר ניט נארין. דען גרים — זאגט דיא תורה — זייט איהר דאך זעלבסט געװעזען אין מצרים, טא װייסט איהר דאך גוט דעם זויערין טעם פון גרות!

אך, דיא גרות, דיא גרות! אין דיעזען טיטול „גר״ ליגט ארמוטה, עלינד, שטיפקינד, שקלאפענהייט, שפלות, אומטאלארענץ, אומרוהיגקייט, ד״ג אלעם בעזעס, אלע שלעק...

דיא תורה שרייבט: „כי גרים ותושבים אתם עמדי״, ד. ה.: געגען דעם װעלט-װירטה זענען אלע מענשען גרים, א גאסט א איינגיבעטענער אויף דיעזער װעלטיל; ניטא געגען איהם שלייאכטעץ אונ גראף, פאדאנע אונ שקלאפע...

דיא ערד איז דיא װעלט-מוטער פון אלעם גלייך, זיא זייגט מיט איהר ברוסט פון א װירמע ביז אלעכסנדר מוקדן. —

דיא ערד איז א װיג, װאס פערװיגט אין איהר שוים אלע ברואים גלייך... זיא זינגט זייא איהר טויד'ס-ליעדעל, אונ א ענדע נעהמט אלעם. —

מען דערצעהלט פון קלימונס דעם קאניג פון רוים, אז ער האט געפרעגט ביי א בעריהמטען חכם א ריינזענדען: „געפעלט דיר מיין רום פיר א גלענצינדם פון דער גאנצער װעלט״? „יא, זאגט דער חכם, מיר איז רום זעהער געפעלען! נאר — איין פעהלער געפין איך אין איהר: װאס זיא האט א בית-עולם״...

„א בית-עולם? — זאגט קלימונס — איז דאך אין יעדער שטאט אויף דער גאנצער װעלט דא?״ „נו, זאגט דער חכם, הייסט מיט װאס קען רום שטאלצירען געגען אלעמען?!״

נור, דיא װעלט אבער, נעהמט זיך איבער. פערצייטיגע רום װיא יעניפעט האט זיך אליין געמאכט א כלל, א נייע תורה, א תורה װאס ליגט נור אין — קולאק, א תורה װאס זאגט: װער עס איז שטארקער דער איז דער װירטה, אונ דער שװאכער — דער קנעכט; דער װאס זיצט איז דער נכבד אונ דער װאס שטעהט אונ געהט — דער קל. א תורה װאס זאגט: קענסטו נעהמען ביסטו קלוג, אונ דער נאר ניט.

מִצְרַיִם הָאט אַ חֶבְרָה „צַעַר-בַּעֲלֵי-חַיִּים״ פֶערְפִיהרְט, דָער „נִילוּס״ אִיז דָער גָאט אונ אַ „שֶׁאפֶּעלֶע״ אִיז דֶער גֶערְב׃

מֶען הָאט גֶעוָואלְט גוּטֶע זִיטֶען אִין דִיא טְשְׁלֶעגֶעס גְרִינְדֶען, רַחֲמָנוּת אוֹיף אַ עֶלִינְדֶען לֶעגֶען, נוּר אוֹיף אַ מָאהל קֶען דָאךְ אַזוֹינְס נִיט וֶוערֶען, דֶען יֵצֶר לֵב הָאָדָם רַע מִנְעוּרָיו, דֶערוּם הָאט מֶען אַזוֹינְס פוּן דֶער שְׁטוּמְמֶע שֶׁאפֶּעלֶע אָנְגֶעפַאנְגֶען׃ אַ רַחֲמָנוּת כְּ׳לֶעבֶּען אוֹיף דִיעֶזֶע בְּרִיאָה׳לֶע! דֶען אַ-נְ-אָקְס הָאט הֶארְנֶער, אַ צִיג — דָאס גְלַייכֶען, אַ וָואלְף — שַׁארְפֶע צֶאהן, אַ פֶערְד — קְלָאהֶען. דָאס גְלַייכֶען אַלֶע הָאבֶּען אַיינִיגֶע אִינְסְטְרוּמֶענְטֶען זִיךְ פוּן אוּמְפַּרַיינְד רֶעטֶען, שִׁיטְצֶען. נִיט אַזוֹי אָבֶער אִיז דִיא שֶׁאפֶּעלֶע! אָרֶעם גֶעמַיין, אָהן הֶארְנֶער, אָהן צֶאהן, אָהן בַּיין, שְׁטוּם, עֶלִינְד, מֶען מֶעלְקְט, מֶען שֶׁערְט — זִיא שְׁווַייגְט, קַיין מֹחַ, קַיין כֹּחַ, שְׁוַואךְ, עֶפִּיס אַ רַחְמָנוּת׳דִיג בְּרִיאָה׳לֶע, זִיא בְּלָאנְזֶעט, זִיא גֶעדֶענְקְט נִיט פוּן דַאנֶען אַהֶער. אַלְזָא אִיז מְהָרָאוּי, זָאגְט מִצְרַיִם, אַיינְפִיהְרֶען׃ מֶען זָאל זִיא גָאר נִיט בֶּערִיהְרֶען מִיט אַ פִינְגֶער, נִיט מֶעלְקֶען, נִיט שֶׁערֶען, וֶוער רֶעדְט שֶׁאכְטֶען! דֶערִיבֶּער אִיז „תּוֹעֲבַת מִצְרַיִם כָּל רוֹעֵה צֹאן״, זַייא הָאבֶּען דֶעם שֶׁאפֶּעלֶעס-פַּאסְטוּךְ דַאכְטֶען נִיט גֶעקֶענְט, דֶען אַזַא מַאנְן אִיז דָאךְ גֶעוִויס אִין צַעַר-בַּעֲלֵי-חַיִּים נִיט גֶעהִיט פוּן אַ שְׁמִיטְץ טְהוּן, אַ קְלַאפּ גֶעבֶּען.

אָט אַזוֹי קְלֶערֶען מִצְרַיִם׳ס פֶארְשְׁטֶעהֶער, אַז גָאר לַייכְט אִיז זַייא גְרִינְדֶען זַייעֶר חֶבְרָה, אָנְפַאנְגֶען פוּן רַחֲמָנוּת אוֹיף אַ שֶׁאפֶּעלֶע, וָואס דֶער בַּארַאקְטֶער אוּנ גֶעוְוִיכְסֶען וֶועט אוֹיךְ דֶערְבַּיין הִילְף גֶעבֶּען, אוּנ בִּיסְלֶעכְוַויים וֶועט דֶער רַחֲמָנוּת בַּייא דִיא חֲבֵרִים שְׁטַארְקֶער אוּנ פֶעסְטֶער וֶוערֶען, אַזוֹי אַז מֶען וֶועט מִיט דֶער צַייט אוֹיף אַלֶע פִּיה, אוֹיךְ אוֹיף קֶאטְץ אוּנ הִינְד אוֹיךְ רַחֲמָנוּת הָאבֶּען, וֶוער רֶעדְט שׁוֹין אוֹיף מֶענְשֶׁען?! הַיינְט וֶוער רֶעדְט נָאךְ אוֹיף מֶענְשֶׁען עֶלִינְדֶע, גֵּרִים?!

וֶועהְט, בְּרִידֶער! וִויא אַ תּוֹרָה פוּן זִיךְ זֶעלְבְּסְט קֶען אַ מֶענְשׁ נִיט מַאכֶען. (עי׳ מעשה אלפס ח״ד צד XIV) אָט דִיעֶזֶע חֶבְרָה׳נִיקֶעס אִין מִצְרַיִם, הָאבֶּען מִיט דֶער צַייט אַ שֶׁאפֶּעלֶע זָא הָאכְגֶעשֶׁעצְט אַז מֶען הָאט זִיא אוֹיף דִיא הֶענְט גֶעטְרָאגֶען, אִיהר בִּילְד פַאר אַ אָבְרַאז פוּן אַ מִין גָאט גֶעמַאכְט, זִיא גֶעדִיענְט. אוּנ מֶענְשֶׁען? אֲבוֹי! גֶעקְווֹילֶעט . . . „זוֹבְחֵי אָדָם עֲגָלִים יִשָּׁקוּן״, מֶענְשֶׁען גֶעפְרֶעסֶען אוּנ קֶאלְבֶּער גֶעקוּשְׁט? . . . דֶען אַז אַ פֶערְזָאן פוּן דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל דִיא עֶלִינְדֶע הָאט גֶעבֶּעךְ זַיין שְׁטִיקֶעל בְּרוֹיְדט גֶעוָואלְט פֶערְדִיעגֶען אוֹיפ׳ן פֶערְד מַשָּׂא פִיהְרֶען, אוּנ דֶער נוֹגֵשׂ פוּן מִצְרַיִם הָאט נוּר פוּן אִיהם אַ שְׁמִיטְצֶעל דֶעם סוּס דֶערְזֶעהן, הָאט מֶען אִיהם שׁוֹין אִין פֶעסְטוּנְג גֶענוּמֶען,

דערצו

דערצוא פָּעטְש נִיט גֶעזְשַׁאלֶעוֶועט • דִיא פְּרוּי דִיא קִינְדֶער הַארִין אָפּ אַ טָאג, צְווייא — דֶער פָּאטֶער אִיז נִיטָא ? הוּנְגֶערִיג פֶּערְקְלֶעמְט פְּלִיהְט מֶען אִין מִצְרַיִם אִיהם זוּכֶען, מֶען דֶערְגֶעהְט אִיהם אִין מְהוּרְמֶע, זֵייא בֶּעטֶען זֵייעֶר פָּאטֶער, עֶנְטְפֶערְט מֶען זֵייא — מִיט פֶּאטְש • רַחֲמָנוּת הָאט ! חֶבְרָה צַעַר-בַּעֲלֵי-חַיִּים'נִיקֶעס ! נֵיין — אֶנְטְוָוארֶען זֵיי — דִיעזֶער מַאנְן הָאט דָאךְ אַ בַּעַל-חַי גֶעשְׁלָאגֶען ! אוּנ דֶער פּוּהרְמַאנן וָואס אִיז ? נֵיין, אַ „בֶּן-יִשְׂרָאֵל״ הֵייסְט קֵיין „בַּעַל-חַי״ נִיט ! . . .

אָט דָאס זָאגְט דֶער חָכָם שְׁלֹמֹה : „דִיא מִצְרַיִם הָאבֶען גְרוֹיסֶע בָּאזֶעם מִיט דִיא גֵרִים גֶעטְהָאן, זֵייא הָאבֶען נִיט גֶעשֶׁעטְצְט דִיעזֶע עֶלִינְדֶע״, אַלְץ-הֵייסְט נִיט גֶעשֶׁעצְט ? אֲפִילוּ פַאר אַ לֶעבֶּענְדִיגֶעס וֶועזִין נִיט פֶּערְרֶעכֶענְט !

בִּפְרַט אַז דִיעזֶע בְּנֵי-יִשְׂרָאֵל, אַבְרָהָמ'ס אֵיינִיקְלֶעךְ, זֶענֶען דָאךְ עֶפִּים אוֹיךְ שְׁטִיקְלִיךְ מְיוּחָסִים גֶעוֶוען, אַ זֵיידֶען אַ רַחְמָן, אַ גוּטֶער מֶענְשׁ גֶעוֶוען ! נוּר קֵיין קַשְׁיָא נִיט, וִויא אוּנְזֶערֶע תַּלְמוּדִיסְטֶען גִיבֶּען אוּנְז אַ פְּרַאווִילֶע : „אַז וֶוער עֶס לֵייגְט רַחֲמָנוּת וואו מֶען בֶּעדַארְף נִיט, וֶועט עֶר אַם עֶנְדֶע זַיין אַ אַכְזָר אַ מֶערְדֶער אוֹיךְ וואו מֶען בֶּעדַארְף נִיט״ • דֶער כְּלָל, מֶען הָאט שׁוֹין דֶעם גֵר נִיט נוֹשֵׂא פָּנִים גֶעוֶוען, דֶען הֵייסְט עֶר „גֵר״ אִיז עֶר שׁוֹין קֵיין לֶעבֶּענְדִיגֶעס וֶועזִין •

הֶערְט, בְּרִידֶער ! עֶס טְרֶעפְט אַז מֶען יָאגְט אַ מֶענְשֶׁען דֶערְפַאר וָואס עֶר הָאט פָּארְאוּיס גֶעוָואלְט דֶעם צְווייטֶען בֶּאזֶעס טְהוּן, וֶוער רֶעדְט נָאךְ אַז דִיעזֶער גַזְלָן-הָאט פוּן יֶענֶעם אַ מָאהל נָאךְ פִיעל טוֹבוֹת בֶּעקוּמֶען אוּנ דָאךְ אִיז עֶר לְסוֹף אִיהם נָאךְ אַ שׂוֹנֵא גֶעוָוארֶען, דֶען דַאמָאלְס מֶעג שׁוֹין יֶענֶער זִיךְ רַאטֶירֶען מִיט זַיין רוֹדְפֶ'ען אִיהם יֶעצְט • דִיא יוּדֶען אָבֶּער הָאבֶען דַאכְט זִיךְ קֵיינֶע בֶּאז צוּ מִצְרַיִם גֶעטְהוּן, זֵייעֶר בְּרוּדֶער יוֹסֵף הָאט נָאךְ דִיא לַאנְד הֶאכְסְט-גְלִיקְלִיךְ גֶעשְׁטֶעלְט, דָאךְ אִיז „וַיָּקָם מֶלֶךְ חָדָשׁ״ עֶס וֶוערְט אַ קֶאנִיג, עֶר מַאכְט זִיךְ גָאר תַּמְ'וַואטֶע גְלַייךְ וִויא עֶר וֵויים גָאר פוּן יֶענִיפְּטִישֶׁע הִיסְטָארְיֶע נִיט „אֲשֶׁר לֹא יָדַע אֶת יוֹסֵף״ עֶר וֵוייסְט גָאר פוּן יוֹסֵפ'ן נִיט • נוּא, בְּקִיצוּר, הָאסְטוּ פוּן זֵייעֶר בְּרוּדֶער-קֵיין „טוֹבָה״ בֶּעקוּמֶען, אָבֶּער הָאסְטוּ דֶען פוּן זֵייא אַ „רָעָה״ גֶעהַאט בִּיז יֶעצְט ? נֵיין, דָאס אוֹיךְ נִיט ! וָואס דֶען ? „וְהָיָה כִּי תִקְרֶנָה מִלְחָמָה״ פִּילְלַייכְט וֶועט אוּנְז, וֶוען נִיט וֶוען, אִין אַ שְׁמִיטָּה אַרוּם, אִין אַ יוֹבֵל — אַ פֵיינְד בֶּעפַאלֶלען „וְנוֹסַף גַּם הוּא עַל שׂוֹנְאֵינוּ״ דַאן וֶועט יִשְׂרָאֵל דָאךְ אוּנְטֶערְהֶעטְשֶׁען זֵייא, אוּנ אַם עֶנְדֶע „וְעָלָה מִן הָאָרֶץ״ טְרֶעט עֶר גָאר אָפּ פוּן אוּנְז • נוּ, אִיהר פֶערְשְׁטֶעהְט שׁוֹין, בְּרִידֶער ! אַז זֵייא הָאבֶען נָאר פַאר אִיבֶּער אַ יָאהְרִיגֶען שְׁנֶעע מוֹרָא גֶעהַאט ! אַ שׂוֹנֵא „וֶועט״ קוּמֶען,

ישראל

יִשְׂרָאֵל „װעט״ הֶעלְפֶען , יִשְׂרָאֵל „װֶעט״ אַװֶעק , אָבֶער לְעֵת־עַתָּה , בִּיז הַיינְט , הָאט יִשְׂרָאֵל עֶפִּים בָּאז גֶעטְהָאן ? אָט דָאס זָאגְט דֶער חָכָם שְׁלֹמֹה : „זֵיי הָאבֶּען זֵייעֶרע בַּעֲלֵי־טוֹבוֹת מִיט שְׁװֶערֶע לַאסְט בֶּעאַרְבֵּייטֶעט״ .

וִויא וַוייט דִיא בָּאז פוּן יֶעגִיפְּטֶער אִיז גֶעװֶען זֶעהֶען מִיר , אַז אִין אוּנְזֶער צַייט אַז דֶער תּוֹגֵר הָאט דִיא בּוּלְגַארְיֶען גֶעדְרִיקְט נִיט יוֹשֶׁר׳דִיג , אִיז אוּנְזֶער גְנֶעדִיגֶער רוּסִישֶׁער קָאנִיג אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אוּנ הָאט דֶעם בַּעַל־עֲוֹלֶה צוּא בָּאז נִיט דֶערְלָאזֶען . נִיט אַזוֹי אָבֶּער זֶענֶען דִיא מִצְרִיִּים גֶעװֶען , דֶען אַז אַמֶענְשׁ הָאט נוּר פִּיר דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל אַ גוּט־װָארְט פֶערְװָארְפֶען , זֶענֶען זֵייא אִיהם דֶער גְרֶעסְטֶער שׂוֹנֵא גֶעװָארֶען , דֶען „וַיָּקוּצוּ מִפְּנֵי בְּנֵי יִשְׂרָאֵל״ , זֵייא הָאבֶּען דִיא בְּנֵי יִשְׂרָאֵל פַאר אַ קְרָאפִּיװֶע אִין אַ וִוינָאגְרַאדְנֶעם גָארְטֶען פֶערְרֶעכֶענְט , אַז װֶער עֶס עוֹקֶר׳ט זֵייא פוּן װָארְצֶעל אוֹיס , דֶער אִיז אַ בְּרַאװֶער , קְלוּגֶער , אָרֶענְטְלִיכֶער מַאנן , אוּנ װֶער עֶס וִויל זֵייא דֶערְהַאלְטֶען — דֶער אִיז אָהן יוֹשֶׁר , אָהן פֶערְשְׁטַאנְד . דָאס זָאגְט שְׁלֹמֹה : „זֵייא הָאבֶּען אוֹיךְ נִיט פֶערְגוּנֶען װָער עֶס הָאט פַאר דִיא גֵרִים אַ גוּט־װָארְט פֶערְװָארְפֶען״ .

עֶס טְרֶעפְט אַז עֶס קוּמְט בַּייא אוּנְז אַ אוּמְגֶעבֶּעטֶענֶער גַאסְט , מֶען גִיט אִיהם אַרֶמז אוֹיף יֶענֶער זַייט טִיהר , אוּנ א סוֹף . אָבֶּער גִיט דָאס װֶען אַז מֶען זָאל נִיט נוֹהֵג כָּבוֹד זַיין מִיט אַ גֶעלַאדֶעטֶען גַאסְט ? קוּקְט אָבֶּער אִין דֶער אַלְטֶער הִיסְטָארִיֶע װֶעט אִיהר גֶעפִינֶען אַז פּוּרְטוּגַאל , װָאס הָאט יוּדִישֶׁע דֶעפּוּטַאצִיֶע מִיט כָּבוֹד אָנְגֶענוּמֶען , ד״ה זִיא הָאט דִיא קָאפּ־גֶעלְט מִיט דִיא תְּנָאִים בֶּעוִוילִיגְט , דָאךְ אִיז אִינ׳ם מֶשֶׁךְ פוּן 8 חֲדָשִׁים הָאט זִיא דִיעזֶע גֶעסְט מִיט אַלֶע מֶערְדֶערְשֶׁע מִיטֶעלְן פֶערְיָאגְט , זָא וִויא מִיר הָאבֶּען אִין שַׁבָּת־הַגָּדוֹל׳דִיגֶע רֶעדֶע דֶערְצֶעהְלְט . ד״ג אִיז מִצְרַיִם . אַז נָאךְ פַּרְעֹה׳ס עֶרְלוֹבֶּענִיס , װָאס עֶר הָאט גֶעזָאגְט צוּ יוֹסֵף׳ן : „זָאג דַיינֶע בְּרִידֶער : טְהוּט אַזוֹינְס : נֶעהְמְט אַייֶער פָאטֶער , קוּמְט צוּ מִיר , דָאס בֶּעסְט פוּן לַאנְד מִצְרַיִם גִיבּ אִיךְ אַייךְ , עֶסְט דָאס פֶעטס פוּן דִיעזֶעם לַאנְד״ . דַאכְט זִיךְ טָאלָארֶענְץ , סַבְלָנוּת װָאס סַבְלָנוּת הַייסְט גָאר , רַאוְונֶע פְּרַאװֶעס , הַא? נוּא , װאוּ אִיז יוֹשֶׁר , אַ װָארְט ? נָאר אַזוֹינְס טְרֶעפְט שׁוֹין אוֹיךְ אִין אוּנְזֶערֶע יָאהְרֶען בַּייא אִינְטִילִיגֶענְטִישֶׁע פָאלְקֶער : וִויא אוֹסְטְרִיא , גַארְמַאנְיֶע , מֶען זָאגְט צוּא , מֶען שְׁרֵייבְּט אוֹיף , מֶען שְׁװֶערְט מִיט שְׁבוּעֵי שְׁבוּעוֹת , אוּנ דֶערְנָאךְ ? אַ חָלוֹם , אַ נוּל !

דֶערוּם זָאגְט שְׁלֹמֹה דֶערוֹיף : „זֵייא הָאבֶּען דִיא גֵרִים אַם אָנְפַאנְג מִיט

דעם

דעם גרעסטען כבוד ענטפאנגען, נאכהער האבען זייא דיעזע פאר קנעכט געפאנגען".

נור, נאך אלעם דיעזעס, זענען מיר צו פרידען מיט אונזער שיקזאל, אונ מיר האבען געזונגען נעכטין אונ וועלען אויך זינגען היינט (צום 2-טען סדר) "ברוך שומר הבטחתו לישראל"! דען דער עווינער איז ניט א יעגיפטישער קאניג, ניט א מגואל פון פורטוגאל, ער איז א אומר ועושה, א גוזר ומקיים, א מרחם על הבריות. אונ אנשטאט וואס רשעים זענען מבטיח פיעל אונ טהוען ניט אפילו וועניג, איז גאט א מבטיח וועניג אונ טהוט פיעל, פיעל גוטעס. דען לא איש אל ויכזב ובן-אדם-ויתנחם. אמת ער זאגט צוא באזעס אונ גיט; ער האט צו געזאגט יודען "גרות" זענען זייא געוועזען גרים, אבער טאקע וואס א גר הייסט! — דערפאר אבער איז זיין "רכוש גדול" אויך א רכוש גדול טאקי, וואס "גדול" הייסט! ניט מעטאלענע רכוש, ניט אימעניעס עוויגע, ניט יעגיפטישע מומיען דיא קינסטליכע באלזאמירטע, דיא חנוטים, וואס סוף כל סוף איז דאך דאס בלאטע, א מין שטיין, וואס דיא רייזינדער האבען דאס ביסלעכוויים צו'גנב'עט; אויך ניט פיראמידען פון לעהם אונ ציגעל, נור א רכוש גדול, א-נ-ארון מיט לוחות עשרת הדברות, וואס אלע פאלקער העלפען אונז זייא היטען... א רכוש פון גוטע זיטטען, אדעל, זויבער, גייסטליך, עוויגקייט, אט דאס איז א רכוש גדול, באמת וואס גדול הייסט!...*)

א פאלק וואס האט אזא קאפיטאל, הייסט דאכט זיך שוין קיין "גר"! אזא פאלק וואס האט זעלבסטשטענדיגען טאלערענץ, אייגענע סבלנות, אזא זעלטענעם רכוש גדול, איז ניט אנגעהאנגען אן דעם צווייטענס טאלערענץ אונ לייטישע זכיות, בירגער-רעכט. "ברוך שומר הבטחתו לישראל! א, מיר האבען שוין פיעל, פיעל גאטעס הבטחות געזעהן אונ געהאט, מיר פערהאפען אז מיר וועלען מיט אונזער "רכוש גדול" דיא שלעכטע צייט דורכגעהן, מיר האבען קאפיטאל מיט וואס צו דערלעגען אין דער ניט-גוטע צייט, נישקשה, עס איז דא א רכוש גדול. אדאנק דעם מבטיח ועושה, אדאנק איהם!!

---

מעשה אלפס

*) מיט דעם פערשטייען מיר וואס אברהם אבינו האט אזוי גלייך-גילטיג איסגיהארכט פון השי"ת דיא גזרה פון "ועבדום וענו אותם ארבע מאות שנה" אונ האט גאר ניט גיפרובט בעטין רחמים צו פערלייכטערין איד (אזוי וויא ער האט זיך אנגעשטריינגט בעטין רחמים אויף סדום ועמורה), ווייל דער "רכוש גדול" איז א גייסטליכער, א תורה מיט מדות טובות אונ חיים הנצחיים וואס דיזעס קען מען ניט דערגרייכען אן יסורים כמחז"ל ג מתנות טובות נתן הקב"ה לישראל וכולם לא נתנם אלא ע"י יסורים, מען מוז די גאלד גוט לייטערין אז עס זאל נאכהער פאסין צו פאסין אין איהר טהייערע בריליאנטין (עי' "מעשה אלפס" ח"ד. צד 40).

(או להזכרת נשמות בשמיני בו)

800 יָאהר פון די גְזֵרָה אין יָאהר תתנ״ו (4856—5656).– תְּחִיַּת הַמֵּתִים פַאר בֵּיינֶער, מוּסְקְלֶען, פְלֵיישׁ, הויט אונ גֶעדֶארים. —

נָאך די גֶעבָאט פון אונזֶערֶע חַכְמֵי הַתַּלְמוּד (במסכת מגילה ל״א.) הָאבֶּען מִיר הַיינְט גֶעלֵייעֶנְט דיא הַפְטָרָה אין סֵפֶר יְחֶזְקֵאל, וֶועגֶען תְּחִיַּת-הַמֵּתִים.

זֶעהר פַּאסֶענְד איז דִיזֶער עִנְיָן צוּ פֶּסַח. דֶען אין דִיעזֶער צייט איז אוּנזֶער פָאלְק בֶּעפְרֵייט גֶעוָוארֶען פוּנ׳ם קֶארפֶּערְלִיכֶען שְׁקְלַאפֶענְהַייט, עֶר איז גְלַייך וויא עֶרְשְׁט גֶעבָארֶען, דֶען בִּיז דַאמָאלְס איז עֶר אַ גוי בְּקֶרֶב גוי גֶעוֶועזֶען, וויא אַ קַאלְבּ אין דיא בְּהֵמָה׳ס בויך גֶעלֶעגֶען, גֶעלֶעבְּט מִיט אִיהר וָואזְדוּך וָואס זיא הָאט גֶעשֶׁעפְּט, גֶעגֶעסֶען נוּר פוּן אִיהְרֶע שְׁפֵּייז, דֶער מויל פֶּעסְט גֶעשְׁלָאסֶען, דיא הֶענְטְלִיך נוּר אויף דיא שְׁלויפֶען גֶעהַאלְטֶען אוּנ גֶעטְרַאכְט מִיט וָואס לֶעבְּט מֶען, וָואס וֶועט אִיהר עֶנְדֶע זַיין? דיא פִּיסְלִיך אוּנְטֶער זִיך. נִיט גֶעטְהָאן קֵיינֶע אַרְבֵּייט פַאר זִיך, פַאר׳ן לֶעבֶּען, פַאר דיא קִינְדֶער, רַק גֶעאַרְבֵּייט בֵּייא יֶענֶעם, אוּנ זִיך דֶערְגֶעהְרְט — מִיט גָאר נִיט, מִיט נִיט פְרִישֶׁע נִילוּס-פִישְׁלֶעך, מִיט קְנָאבֶּעל, צִיבֶּעלֶעס אוּנ דָאס גְלַייכֶען וָואס בַּייא אִיר איז אִיבֶּערְגֶעבְּלִיבֶּען, שׁוין פוּן הַאלְז גֶעקְרָאכֶען. עֶרְשְׁט יֶעצְט איז מֶען נַאי גֶעבָּארֶען; מַזָּל-טוֹב דיר, יִשְׂרָאֵל! אַ קְלֵיינְס, אַ פְרִישְׁצַאפְּלֶענְדֶעס לֶעבֶּעדִיגֶעס בְּרִיאֶה׳לֶע! „בְּנִי בְכוֹרִי יִשְׂרָאֵל״ — שְׁרַייט דֶער פָאטֶער פוּן הִימְמֶעל — הֲבֵן יַקִּיר לִי אֶפְרַיִם, אִם יֶלֶד שַׁעֲשׁוּעִים״, אַך, וָואס פַאר אַ לִיעבְּלִיך קִינְד בַּייא מִיר איז אֶפְרַיִם׳קֶע! יַא, אַ לִיעבְּלִיך, אַ שְׁפִּיעל קִינְד, אַ פְרֶעהְלִיכֶעס! דָאס הַאלְט שׁוין אָפֶען דֶעם מַיילְכֶעל, דָאס איז פְרֵייא, פֶּעהְלְט אִיהם עֶפִּים — קֶען עֶר אוּנ מֶעג שׁוין שְׁרַייעֶן. דָאס בֶּעדַארְף שׁוין נִיט וַוארְטֶען נוּר אויף דיא מַאמֶעס אָנְפְרֶעסֶען זִיך, דָאס עֶסְט שׁוין אַלֵיין, דָאס הָאט שׁוין שֵׂכֶל צוּ מַאכֶען אַ קוֹל׳כִיל וֶוען דיא מוּטֶער גִיט נִיט אַזויא גִיך, דָערוּם זָאגֶען אוּנְז דיא חֲכָמִים אויפ׳ן פָּסוּק „גוי מִקֶּרֶב גוי — כְּעוּבָּר הַנִּשְׁמָט מִמְּעֵי בְּהֵמָה״, אָט דָאס הֵייסְט זֵכֶר לִיצִיאַת מִצְרַיִם, זְמַן חֵירוּתֵינוּ. יָא, בֶּעפְרַייט גֶעוָוארֶען, אַרוּיס פוּן יֶעגִיפְּטִישֶׁען זְשַׁאלוּדָאק, פוּן מִצְרַיִם׳ס בויך. —

דָאס קִינְד וַואקְסְט, דָאס וֶוערְט גֶעוֵויאַנְטְשֶׁעט אויף דיא הֶענְט פוּן אַ גוּטֶען עֶרְצִיהֶער, „כַּאֲשֶׁר יִשָּׂא הָאֹמֵן אֶת הַיּוֹנֵק״ ד. ה. זָא ווי דֶער עֶרְצִיהֶער טְרָאגְט דֶעם זֵייגְלִינְג אָט אַזויא הָאט משֶׁה רַבֵּינוּ זֵייא גֶעוֵויאַנְטְשֶׁעט רַאיֶעל. „כִּי נַעַר יִשְׂרָאֵל וָאֹהֲבֵהוּ וּמִמִּצְרַיִם קָרָאתִי לִבְנִי״ אַ לִיעבְּלִיכֶעס קְנַאבֶּע איז יִשְׂרָאֵלִיק וֶוען איך הָאבּ אִיהם פוּן מִצְרַיִם אַרוּיסְגֶערוּפֶען.

מען

מען קָארְמֶעט דָאס מִיט מַנֶ'ע-קַאשְׁקֶע, פְּרִיה מָארְגֶען, אוּנ מִיט וַואכְטֶעל'ן-פְלֵייש אַלֶע אָבֶענְד, „בָּעֶרֶב תֹּאכְלוּ בָשָׂר וּבַבֹּקֶר תִּשְׂבְּעוּ לָחֶם", עֶסְט אָפּ צוּ זַאט, וֶוערְט פֶּערְווִיגְט אִין אַ וֵוייךְ גוּט וִויגֶעלֶע פוּן עַמּוּדֵי-הֶעָנָן, אִין סֻכַּת עַנְנֵי כָבוֹד.

עֶר וֶוערְט אַלְט 40 יָאהר. עֶר קוּמְט צוּ אַ תַּכְלִית, עֶר בֶּעקוּמְט אַ גוּט שִׁידוּךְ, מִיט אַ אִימֶענְיֶע וָואס זָבַת חָלָב וּדְבַשׁ אִין נַדַן. עֶר בְּלִיהְט פוּן טָאג צוּ טָאג וִוי אַ גוּטֶער וַויינְשְׁטָאק „גֶּפֶן מִמִּצְרַיִם תַּסִּיעַ", עֶס וַואקְסְט גְרוֹיסְאַרְטִיג; עֶר זֶעלְבְּסְט, אִי גָאט אוּנ לַייט הָאבֶען הֲנָאָה.

עֶר וֶוערְט אָבֶער מִיט דֶער צַייט אַ שַׁארְלַאטַאן... „שָׁמַנְתָּ עָבִיתָ וַתִּשְׁכַּח אֵל מְהֻלְלֶךָ", עֶר פֶּערְגֶעסְט זַיין פָאטֶער דֶעם גֶעבִּירֶער, עֶר פֶּערְשְׁפִּיעלְט דֶעם נַדַן. עֶס קוּמְט עֶפִּים אַ שְׁלַיאכְטֶעץ אַ „אַשּׁוּר" פוּן אַסְסִירְיֶען, נָאךְ אִיהם ווִידֶער עֶפִּים אַמִין פָּרִיץ אַ „בָּבֶל" פוּן קַאלְדִין-לַאנְד פוּן „אַל-דִיא-רוּחוֹת", עֶר נֶעהְמְט אַלֶעס, זַיין גוּטְס אוּנ הָאבּ, מִיט אִיהם צוּ זַאמֶען. צֶערְבְּרֶעכְט צֶערְשְׁטֶערְט זַיין גֶעבֵּיידֶע, זַיין שְׁלָאס, רַאזָארֶעט דֶעם גַארְטֶען, דִיא צְוַויינֶען צֶערְבְּרָאכֶען, צֶערְטְרָאטֶען, פוּן אַלֶע זַיינֶע כְּלֵי-בַּיִת אַ תֵּל גֶעמַאכְט, אוֹיס בַּעַל-הַבַּיִת'ל!

דָארְט גֶעפִינְט זִיךְ עֶפִּים אַ קְלוּג יוּדֶעל מִיט אַ גוּט קָאפֶּעל, אַ גֶעשְׁלִיפֶען מַיילְכֶעל, מִיט זַיין נָאמֶען יְחֶזְקֵאל דֶער נָבִיא, דִיעזֶער מַאנְן אִיז אַ גוּט דֶענְקֶער, אַ הִיכְטָארִיקֶער דֶערְצוּא גֶעוֶוען, עֶר שְׁרַייט.

יִשְׂרָאלִיק, יִשְׂרָאלִיק! בַּאנֶעהם ווִיא אוּמְדַאנְקְבַּאר דוּא בִּיסְט, וָואס פַאר אַ אוּמְכַּארַאקְטִירְלִיכֶער מַאנְן דוּא בִּיסְט, ווִיא פֶערְגֶעסְט מֶען אוֹיף אַזַא גוּטֶען פָאטֶער? עֶר זָאגְט (יחזקאל טז) „וּמוֹלְדוֹתַיִךְ בְּיוֹם הוּלֶּדֶת אוֹתָךְ לֹא כָרַּת שָׁרֵּךְ" דַיין גֶעבוֹירֶערִין אִין דַיין גֶעבוּרְטְסְטָאג הָאט דַיין נַאבֶּעל אוֹיךְ דִיר נִיט צוּרֶעכְט גֶעמַאכְט, דֶען בַּאלְד פוּן דַיין מִצְרַיִם אַרוֹיס הָאסְטוּ אַלֶעס גֶעפֶּעלְט נָאךְ, עֶס אִיז אַלְץ גֶעוֶוען דַיין מוֹיל פֶּערְמַאכְט אוּנ דַיין נַאבֶּעל אָפֶּען, דוּא הָאסְט נִיט גֶעגֶעסֶען גְלַייךְ מִיט אַלֶע קִינְדֶער, דֶער פָאטֶער הָאט דִיךְ עֶפִּים מִיט אַ מָאדְנֶע קַאשְׁקֶע גֶעשְׁפַּייזְט. „רְבָבָה" גְרָאסְגֶעוִויקְסִיג „כְּצֶמַח הַשָּׂדֶה נְתַתִּיךְ" זָא ווִיא גֶערָאטֶענֶע גְרֶאזְלִיךְ הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעלָאזֶען וַואקְסֶען, „וַתִּרְבִּי וַתִּגְדְּלִי" דוּא וֶוערְסְט גְרוֹיס גֶעוַואקְסֶען, גְרוֹיסְאַרְטִיג, „וַתָּבֹאִי בַּעֲדִי עֲדָיִים" דוּא קְרִיכְסְט אִין פֶּעדֶערִין אַרַיין מִיט אַלֶערְלֵייא צִיערוּנְג בֶּעפּוּטְצְט (זעה ווייטער דעם קאפיטל) „וַיֵּצֵא לָךְ שֵׁם בַּגּוֹיִם בְּיָפְיֵךְ" דוּא בֶּעקוּמְסְט אוֹיף דֶער וֶועלְט אַ אַרְטִיק נָאמֶען, מֶען הַאלְט דִיךְ פַאר אַ קַאקֶעטְקֶע, פַאר אַ זֶעלְטֶען שַׁאנְהַייט „וַתִּבְטְחִי בְיָפְיֵךְ וַתִּזְנִי עַל שְׁמֵךְ", דוּא וֶוערְסְט ווִילְד אִין כַּארַאקְטֶער

דוּא פַאנְגְסְט אָן שַׁארְלַאטַאנֶעוֶוען . „לָכֵן הִנְנִי מְקַבֵּץ אֶת כָּל מְאַהֲבַיִךְ“ אִיךְ פֶּערְזַאמֶעל אַלֶע דַיינֶע לִיבְּאוֹנִיקֶעס „וְנָתַתִּי אוֹתָךְ בְּיָדָם, וְשָׂרְפוּ בָתַּיִךְ בָּאֵשׁ“ אִיךְ גִיבּ דִיךְ אִיבֶּער אִין זַייעֶר הַאנְד , אוּנ זַייא מַאכֶען פוּן דִיר אַ בַּארְג אַשׁ . ז . וו . א . וו . .

יַא, דָאס אִיז בֶּעשְׁטִימְט פוּן דֶעם וֶועלְטְס הַסְכָּמָה, אַז יֶעדֶעס פָאלְק אִין זַיין עֶנְטְוִויקְלוּנְג אִיז צוּ אַ אַיינְצֶעלְנֶעם מֶענְשֶׁען גֶעוָואקְס גְלַייךְ .

פוּן אַ קְלֵיין וַואסֶער פֶּענְכֶּערִיל אִינ׳ם מוּטֶערְס בּוֹיךְ וֶוערְט דָאס, דַאן גֶעהט דָאס אוּנ וֶוערְט גְרֶעסֶער אוּנ הַארְטֶער, הַארְטֶער שְׁטַייפֶער אוּנ גְרֶעסֶער, בִּיסְלֶעכְוַויים , בִּיסְלֶעכְוַויים , אִין אַ צַייט פוּן אַ קְלֵיין עֶפָּאכֶע וֶוערְט דָאס גֶעאָרְדֶעט מִיט גְלִידֶער, אֵבָרִים, דוּרְךְ דֶעם נַאבֶּעל וָואס. אִיז מִיט דָאס מוּטֶערְס-לַייבּ פֶערְוֶועבְּט — עֶסְט דָאס, אַטְהֶעמְט דָאס, דִיא קָאפֶּעל אוֹיפ׳ן הֶארְצֶעל גֶעבּוֹיגֶען, דִיא פִיסְלֶעךְ — צוּם בַּייכֶעל, דִיא הֶענְטְלֶעךְ, אוֹיפ׳ן פָּנִים . שׁוֹין אִין 2-טֶען מָאנַהַייט זֶענֶען אַלֶע אֵבְרִים דָא, דִיא קִינְסְטְלִיכֶע מַאשִׁין אִיז שׁוֹין צוּזַאמֶענְגֶעשְׁטֶעלְט : בֵּיינֶער גְרוֹיסֶע קְלֵיינֶע דִיעזֶע זֶענֶען דֶער פוּנְדַאמֶענְטְס גֶעבַּיידֶע, פִּיס-בֵּיינֶער, לֶענְדֶען, קְרַייץ-בֵּיינֶער, שׁוּלְטֶערְן, הֶענְד-בֵּיינֶער, שַׁארְבֶּען, קָאפּ-בֵּיינֶער, אַלֶע גֶעהֶען גֶעשְׁלָאסֶען דוּרְךְ אָדֶערְן, מוּסְקֶעלִין ; אוֹיף דִיעזֶען סְקַאלֶעט בֶּעצֵייגֶען אַ פְלֵייש-אַבְלַאס , אוֹיף דֶעם אַ הוֹיט .

הַיינְט דִי קְלֵיינֶע אִינְסְטְרוּמֶענְטְלֶעךְ דִי אִינְוֶוענִיגְסְטֶע : וִויא אַ הֶארְצֶעל, מָאגֶען, קִישְׁקֶעלֶעךְ, לֶעבֶּערְקֶע, לוּנְגֶענְדִיל, מִילְצִיל, פָּאצְקֶעס, נִירֶקֶעס, גַאלל, אוּנ דָאס גְלַייכֶען זֶעלְבֶע דְרָאבֶּעסְקֶעס, וָואס אָן יֶעדֶען פוּן זַייא הֶאנְגְט-אָן דֶער גַאנְצֶער לֶעבֶּען דֶעם אָרְגַאנִיזְמוּס׳ס.

אָט אַזוֹי וַואקְסְט דָאס בִּיז עֶס קוּמְט דִיא גוּטֶע צַייט, דִיא לֵידָה, דֶער פֶּענְכֶּער וַואסֶער שְׁפַּאלְט זִיךְ, אַ קַאנַאל בְּלוּט לָאזְט זִיךְ, דֶער קְנַאבֶּע קֶעהְרְט זִיךְ מִיט זַיין קָאפֶּעל עֶר קְרִיכְט אַרוֹיס אוֹיף אַלֶע פִיער, עֶר לָאזְט זִיךְ הֶערֶען אוֹיפ׳ן סַאפְּרַאנֶע-שְׁטִימֶע, עֶר בֶּענְשְׁט גוֹמֵל אוּנ זָאגְט שִׁירָה, וָואס עֶר אִיז פוּן מְצַר-יַם, אַרוֹיס . . . דִיא אוֹיגְלֶעךְ דִיא אוֹיהֶערְלֶעךְ עֶפֶענֶען זִיךְ, דֶער נָאזִיל שְׁלִינְגְט שֶׁעפְּט אַטְהֶעם, דִיא רֵיאַה׳קֶע אַרְבֵּייט, עֶר עֶסְט שׁוֹין דוּרְךְ׳ן מוֹיל גָאר וִויא אַ גְרוֹיסֶער, דִיא בְּלוּט שְׁטְרֶאמְט דוּרְכ׳ן הֶארְצֶעל. אָט אַזוֹי וו. א. וו. וֶוערְט דָאס אַ הִיפְּשׁ בָּחוּרְ׳ל, אַ בָּחוּר, אַ יוּנְגְמַאנְטְשִׁיק, אַ טַאטֶע, אַ גְרָאֶה בֶּארְדֶעל, אַ זָקֵן, אוּנ . . . אַ בַּר-מִינָן ! דֶער אָרְגַאנִיזְמוּס אִיז דָא אַלֶע אֵבְרִים — אוֹיךְ דָא, אַלֶעס דָא, נָאר וָואס פֶעהְלְט ? דֶער „רוּחַ“, דֶער לֶעבֶּען, דִיא זֶעעלֶע, נְשָׁמָה . דֶער מַאשִׁינִיסְט אִיז עֶפִּיס בְּרוֹגֶז גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט שׁוֹין דִיא [illegible] גֶעוָוארְפֶען, עֶס שְׁטֶעהְט שׁוֹין . . . אַלֶעס אִיז דָא .

נור . . . אָהן בַּאוועגונג , אָהן לעבּען, דאס הייסט אין לשון קודש : א מֵת׳ אַ פְּגָרִים ! . . .

יָא, אַ מֵת! געשטארבּען, בּעגראבּען, בּעשאטען, דאס ליגט אין קֶבֶר. דאס מאשין פוילט שוין, פערראסטעוועט, צעררישען דיא דראטענע מוסקעלין, וואו איין בּיין וואו דער צווייטער! וואו שוין פלייש, ווער רעדט הויט! דיא אינערליכע כְּלֵי-בַּיִת פערדארבּען, פערפוילט, פע, עס שמעקט עפּיס ניט פריש! . . . . אין מוטערס בויך אין דיא יונגע יאהרען געלעגען, אונ אין דער ערדס בויך דיא אֵם כָּל חָי, בּייא דער וועלט-מוטער — אויף דער עלטער! . . .

דאס גלייכען איז יעדער פאלק, אונ נאך מעהר דער עם ישראל; וויא דיא היסטאריע ערצעהלט אונז פון זיין ענטוויקלונג אונ פון זיין קבורה. אין מצרים אַ קינד אין בויך געוועזען; אין מדבר אַ נַעַר ישראל שוין . . . ; אין ארץ-ישראל אַ בַּעַל-הַבַּיִת׳ל אַ איש-ישראל, אַ רעזידענץ, אַ שטאט, אַ מלוכה, זעלנער, חילות מיט בּיינער . . . פוס-געהער איש רַגְלִי, מיליטער אַרטעלעריע פּאבּאטע, אַ קאפּ, אַ מלך, מיט שולטערן פלייצעס, הענט, קרייצ-בּיינער, ז. וו. . . . .

היינט דיא מוסקעלן : דיא ערד-אַרבּייטער, מיט דיא פאבּריקאנטען אַרבּייטער וואס דורך זייא ווערט לעבּהאפטיג דיעזער סקאלעט. —

פלייש, הויט — דאס זענען דער אַדעל, דיא גְּבִירִים אונ חֲכָמִים, געבּילדעטע, ראטהגעבּער, סאנאטארן, פראפעססארן, אין אַלע קענטניסע, וואס שיטצען דיעזען קערפער, מיט מינץ, עצה אונ פערשטאנד . . .

דיא נוטערעס, דיא אֵבָרִים הַפְּנִימִים — דאס איז דיא ערד מיט איהרע פערשידענע פּרידוקטען וועלכע שפייזען דיעזען קערפער. דער גרונד איז דער הויפט, אָהן איהם איז דער גאנצער סקאלעט אַ פּפעניג ניט ווערט.

אויף אַלעם דיעזעם — איז דער רוּחַ, דער גייסט, דער פערשטאנד, דיא רעליגיע, דיא אֱמוּנָה, דער יודענטהום, גאטעס הילפע, דיא קְדוּשָׁה, דיא טַהֲרָה, דיא זיטטען, ד״ג.

געלעבּט, געלעבּט אונ אַם ענדע אָפּגעשטארבּען, אוים קערפער, אוים פאלק, מען ליגט שוין טיעף, טיעף אין גלות-בּבל אין קבר בּאגראבּען . . . בּאגראבּען, בּעשאטען, בּאוויינט פון דעם קלאג-מוטער דער ספרן דער בּעוואוסטער ר׳ ירמיהו דער מקונן . . . אונ יעצט פוילט דאס אין זומפּף בּבלים. דאס פאלק, וועלכע איז אַ טאהל אַ פאלק אַ קערפער געוועזען, קלעהרט שוין גאר ניט ווידער אַ פאלק ווערען. וואו איז דער סקאלעט אונ וואו איז

זיינע

זיינֶע נוּטְרֶעס? אוּנ אוֹיךְ מִיר אַ סְקַאלֶעט! אָהן אַבּוּנְד, אָהן נֶערְוִוין, אָהן מוּסְקֶעלן, יֶעדֶעס בֵּיין בֶּעזוּנְדֶער פֶּערְפוּילְט! אַ גְוַואלְד! . . .

דֶער אַלְטֶער ר׳ יְחֶזְקֵאל דֶער נָבִיא שְׁטֶעהְט נֶעבֶּען דִיעזֶען קֶבֶר אוּנ גִיט טְרֵייסְט דֶעם יִשְׂרָאֵל, עֶר זָאגְט: „הָיְתָה עָלַי יַד ד׳, גָאט גְרַייפְט מִיר אָן מִיט זַיינֶעם גַייסְט פוּן נְבוּאָה, עֶר שְׁטֶעלְט מִיר פָאר אַ סְצֶענֶע: אַ טְהָאל אַ גַאנְץ גְרוֹיסֶער קֶבֶר . . . עֶר אִיז פוּל מִיט צֶערְשְׁפְּרֵייטֶע, צֶעוָוארְפֶענֶע, צֶעדַארְטֶע, אוֹיסְגֶעטְרִיקֶענְטֶע בֵּיינֶער (ד. ה.: אָהן וואָיסק, אָהן מלך ושרים, אָהן פונדאַמענט). גָאט פְרֶעגְט בַּייא מִיר — זָאגְט יְחֶזְקֵאל — וִויא רֶעכֶנְסְטוּ: קֶענֶען דִיעזֶע בֵּיינֶער אַ מָאהל צוּם לֶעבֶּען ווידֶער קוּמֶען? אִיךְ עֶנְטְפֶער אִיהם: אִיךְ וֵויים? דוּא בִּיסְט דָאךְ אַ גָאט! דָאס הֵייסְט הַיינְט אַז דוּא וֵייסְט טָא וָואס פְרֶעגְסְטוּ מִיךְ? יַא — זָאגְט גָאט — אִיךְ וֵויים, אָבֶּער דֶער מֶענְשׁ בֶּעדַארְף טָהאן! אִין אַ קִינְד הָאבֶּען דָאךְ אוֹיךְ 3 שׁוּתְּפִים צוּ טָהאן: פָאטֶער — מוּטֶער — אִין קֶארְפֶּער, אוּנ גָאט — אִין זֶעעלֶע. „הִנָּבֵא עַל הָעֲצָמוֹת הָאֵלֶּה!״ טָא רֶעד דוּא, יְחֶזְקֵאל, צוּא דִיעזֶע בֵּיינֶער, דֶערְוֶועק זֵייא, מוּנְטֶער אוּף, רַייבּ דִיעזֶע בֵּיינֶער אִין שְׁלוּיף אַריין, אִין שַׁארְבִּין, אִין קָאפְּף! רַייבּ, מִינְטֶער הֶענְד אוּנ פִּיס! רַייבּ מִיט חֵשֶׁק, מִיט שְׁפִּירְטֶס, מִיט הִיטְץ, אָט דִיעזֶע בֵּיינֶער! מֶען בֶּעדַארְף זֵייא בַּאוֶועגִין, מְעוֹרֵר זַיין, צוּ שָׁלוֹם, צוּ אַחְדוּת . . . רוּקְט זִיךְ צוּ זַאמֶען אַלֶע! גֶענוּג צוּ זַיין צֶערְטְרֶענְט! . . .

„וְנָתַתִּי עֲלֵיכֶם גִידִים״ צוּא זֵייא וֶועלֶען דִיא אָדֶערִין, מוּסְקֶעלן בֶּעהֶעפְט וֶוערֶען, דִיא אַרְבֵּייטֶער, דֶער גְרוֹיסֶער הֲמוֹן-עַם . . .

„וְהַעֲלֵיתִי עֲלֵיכֶם בָּשָׂר וְקָרַמְתִּי עֲלֵיכֶם עוֹר״, צוּ זֵייא — דִיא אַדֶעל, דִיא אֲצִילִים אוּנ חֲכָמִים. עֶרְשְׁט נַאכְהֶער: „הִנֵּה אֲנִי מֵבִיא בָכֶם רוּחַ וִחְיִיתֶם״ אַז דִיא חֲלָקִים פוּנְ׳ם פָאלְקְס-קֶארְפֶּער פוּן אַייֶער זַייט וֶועט פֶערְפַארְטִיגְט וֶוערֶען, דַאן וֶועל אִיךְ עֶרְשְׁט מַיין „רוּחַ״ גֶעבֶּען: מֵאַרְבַּע רוּחוֹת בֹּאִי הָרוּחַ וּפְחִי בַּהֲרוּגִים הָאֵלֶּה וְיִחְיוּ!״ פוּן אַלֶע זַייטִין, פוּן דֶער סְבָבָה פוּן אַלֶע קַאנְטִין אִין אַלֶע צַייטֶען וֶועט צוּא זֵייא מַיין גַייסְט קוּמֶען. דֶען „גְדוֹלָה הֲסָרַת טַבַּעַת לְהָמָן מִכָּל הַמ״ח נְבִיאִים שֶׁעָמְדוּ לְיִשְׂרָאֵל״ לֶערְנֶען אוּנְז דִיא חֲכָמִים אִין מַסֶּכֶת מְגִילָה, דֶען וָואס אַלֶע דַרְשָׁנִים אוּנ מַטִּיפִים הָאבֶּען דָאס מִיט זֵייעֶרֶע דְרָשׁוֹת אוּנ רֶעדֶעס נִיט גֶע׳פּוֹעֶלְ׳ט הָאט דָאס דֶער אֵיין קְלֵיין רִינְגֶעלֶע וָואס אֲחַשְׁוֵרוֹשׁ, דֶער פֶּרְסִיַאנֶער קֶענִיג, הָאט אוֹיף זַיין אָבֶּער-פְרִיקֶערָארְ׳ס פִינְגֶער גֶעגֶעבֶּען מְסַבֵּב גֶעוֶועזֶען אוּנ גֶעטְהָאן בַּייא יוּדֶען. אָהָא עֶס וֶוערְט אַ „וְצוֹמוּ״ אַ „אַל תֹּאכְלוּ וְאַל תִּשְׁתּוּ״ אוֹיף 3 מֵעֵת לְעֵת נָאכְאַנַאנְד! „שַׂק וָאֵפֶר יֻצַּע לָרַבִּים״ מֶען קַאסְטְשֶׁעט זִיךְ אִין אַשׁ, מֶען שְׁרַייט . . . דֶער „רוּחַ״ אִיז דָא! דֶער בַּאוֶועג,

מען

מֶען טְהוּט עֶפִּים, עֶס וֶוערְט אַיּוֹם הַכְּנִיסָה, אַלֶע צוּזַאמֶען, מֶען שְׁלִיסְט שׁוֹין שָׁלוֹם . . . —

דֶער צִיגַיינֶער-קֶענִיג פַּרְעֹה, אִיז גֶעקוּמֶען. משֶׁה הַאלְט רֶעדִין, אַהֲרֹן דֶער דַּבְּרָן זַאלֶעוֶועט נִיט-קֵיין רֵייד, שִׁיטֶען פַּייֶער, "וְלֹא שָׁמְעוּ — מִקֹּצֶר רוּחַ" קֵיין "רוּחַ" נִישְׁטָא. חָם אָבֶּער גִיט אַדְרִיק בְּפֶרֶךְ, "וַיִּצְעֲקוּ בְּנֵי יִשְׂרָאֵל"! מֶען שְׁרַייט שׁוֹין! אוּנ טַאקִי אַלֶע צוּזַאמֶען, עֶס בֶּאוֶועגְט זִיךְ, אוּנ וואוּ אַ בַּאוֶועג — דָארְט אִיז לֶעבֶּען . . .

קוּקְט וִוידֶער גָאר שְׁפֶּעטֶער אִין דִיא מִיטֶעל עֶלְטֶער, צב"ש אִין 5-טֶען טוֹיזֶענְד גְּזֵרַת תתנ"ו, מִיט 800 יָאהר צוּרִיק פוּנְקְט אִין דֶער צַייט אַרוּם פֶּסַח אַז דֶער אַפִּיפִיוֹר ("אורבאן" דער 2-טער) הָאט זִיךְ אִין פְרַאנְצִיֶע אִין שְׁטָאדְט "קְלִירְמוּנְט" מִיט אַלְלֶע זַיינֶע פֶערְשִׁיעדֶענֶע קָארְפֶּערְלִיכֶע מִיט-גְלִידֶער פֶערְזַאמֶעלְט, קֶנִיַאזִין, פְּרִינְצֶען, הֶעלְדֶען, אוּנ אַזוֹי אַ גְרַאסמַאדְנֶער פְּרָאסְטֶער פָּאבֶּל פוּן עֶרְד-בּוֹיֶערן אוּנ אַרְבַּייטֶער פֶערְשִׁיעדֶענֶע זָארְטֶען, מִיט זַייא אִיז אוֹיךְ אַ מָאנַאךְ מִיט זַיין נָאמֶען "פֶּעטֶר אַמִיֶענְס" אַ זֶעלְטֶענֶער רֶעדְנֶער, אַ אֶמֶת גוּטֶער מַגִּיד אוֹיף אַ קַאפֶּעדְרֶע אַרוֹיף, עֶר הָאט מִיט זַיינֶע גְלִיהֶענְדֶע רִיהְרֶענְדֶע רֶעדֶעס אַלֶע הֶארְצֶער צוּרַייצְט, אַ פַייֶערְדִיגֶע לִיעבֶּע צוּם רוּחַ הָאֱמוּנָה הַקַּתוֹלִית אַריינְגֶעבְּלָאזֶען: סְטַייטְשׁ — זָאגְט עֶר — דִיא מַחְמֶדַאנֶער דִיא בּוּדַאאִינֶער דְרִיקֶען אוּנְזֶערֶע קְדוֹשִׁים וֶועלְכֶע אָפְּפֶערִין זִיךְ מִיט זַייֶער עוֹלֶה-לְרֶגֶל זַיין אִין יְרוּשָׁלַיִם אוֹיף אוּנְזֶערֶע הֵיילִיגֶע קִבְרֵי הַקְּדוֹשִׁים, אוּנ יֶענֶע אַפִּיקוֹרְסִים צַאפְּין אוּנְזֶערֶע בְּלוּט, טַאדְלֶען אוּנְזֶער אֱמוּנָה, אוּנְזֶער רוּחַ קָדוֹשׁ וְטָהוֹר, וָואס עֶר קָאסְט אוּנְז לֶעבֶּען אוּנ בְּלוּט הוּנדֶערְטֶער יָאהְרֶען פוּן מִילְיָאנֶען קָארְפֶּערִין, קַאפִּיטַאל אוּנ מַארְךְ פוּן דִיא בֵּיינֶער מִיט דִיא בֵּיינֶער צוּזַאמֶען, אוּנ מִיר שְׁטֶעהֶען זִיךְ קַאלְט-בְּלִיטִיג אוּנ שְׁוַוייגֶען?! אוּנְזֶערֶע בֵּיינֶער, אָדֶערִין, מוּסְקֶעלְן, פְלֵיישׁ, הוֹיט, הֶערְץ, לוּנְג אוּנ לֶעבֶּער, זֶענֶען צֶערְטְרֶערֶנְט אֵיינֶער פוּנ'ם צְוַוייטֶען, מִיר זֶענֶען עֶגָאאִיסְטֶען, נִישְׁט מֶעהר קֵיין פָּאלְק, קֵיין קָארְפֶּער. נָאךְ אַ קְלֵיין צַייט אוּנ דִיעזֶע כּוֹפְרִים וֶועלֶען אוּנְז מִיט אוּנְזֶער לַאנְד אוֹיךְ פֶּערְנִיכְטֶען. נֶעהְמְט זִיךְ — שְׁרַייט דֶער מַטִּיף פְּרָאטֶער — לָאמִיר זִיךְ אַ נֵדֶר גֶעהְמֶען, זִיךְ אָפְּפֶּערְן פַאר אוּנְזֶער רוּחַ, פַאר אוּנְזֶער פָּאלְק, אוּנ אִיךְ — דֶער עֶרְשְׁטֶער! . . . מֶען גֶעהְט, מֶען פְלִיהְט, מֶען צֶערְרַייבְּט דוּרכְגֶעהֶענְדִיג אַלֶע יוּדֶען פוּן דַייטְשֶׁעס-לַאנְד, פְּרַאנְצִיֶע, דֶען — זַייא זָאגֶען — דִיעזֶע זֶענֶען דָאךְ גֶעוִויס אוּנְזֶער-רוּחַ'ס-פַיינְד, דִיא אַלְטֶע אַפִּיקוֹרְסִים. מֶען גִיסְט בְּלוּט אָהן רַחֲמָנוּת, עֶס גֶעהְט אַוֶועק אַ תְּקוּפָה פוּן 2 הוּנְדֶערְט יָאהר, אִין זַייא אִיז 3 קְרֶעסְטְנָאי פַּאבָּאטֶעס גֶעוֶוען. אִין

דיעזע 3 חדשים איר, סיון, תמוז מיט 8 הונדערט יאהר צוריק איז באי יודען געװען קינות, סליחות נייע פערפאסט געװארען, זייא זענען אגוטע „הזכרת-נשמות" הונדערט טויזענדער בייא אונז יודען... מען װערט פרום, א געװאלד, מען טהוט,. עס באװעגט זיך דער רוח, עס װערט אחדות... עס איז געלעבט!. —

ניט אזוי אבער זענען יודען אין גלות בבל געװען: מען האט אין קבר געפוילט, יעדעס גליעד בעזונדער געװען, געלעגין אין װערים, אין צרות, נישט איינער האט זיך באװעגט דעם צװייטען אויפװעקקען. נור ר' יחזקאל דער נביא שטעהט אליין, אונ שרייט, רעדט, באזערט זיך, צו היטצט זיך, ער זאגט: יא, תחית-המתים קען זיין, פון קבר קען דער אלטער פערפוילטער מת ארויס, נור װען? נור דאמאלס: אז סקאלעט מיט מוסקעלין, אדערין, פלייש הויט זאלען צו זאמענקומען, דאנן װעט מען ניט פעהלען אז „רוח" אונ „גוטרעס" אברים הפנימים: גרונד-ערד, דאס — זאגט דער עװיגער — איז שוין גאטעס דאגה! דיעזען חלק בעדארף ער שוין געבען!

„העצמות האלה כל בית ישראל המה! הנה אומרים יבשו עצמותינו ואבדה תקותנו נגזרנו לנו" מען שלאפט זיך אין קבר גאנץ געשמאק, דער פון װעט גאר נישט װערען! „לכן הנבא ואמרת אליהם: כה אמר ה' אלהים הנה אני פתח את קברותיכם" יא איך בין געגרייט די קברים עפענען „והעליתי אתכם מקברותיכם עמי" מיין פאלק, מיין ליעבליכע פאלק, איך ברייננג אייך אויף פון געװעלב, פון קבר, נור בתנאי אז איר זאלט אבער באמערקין אז איהר אין קבר ליגט!... בינדט זיך צו זאמען נור! רוקט זיך צו נויף, גליעדער! עצמות אהער! װאו זייט איר, גידים, בשר אונ עור? ! אהער, אהער! „פתחו לי כחודו של מחט" עפענט מיר װיא א שפילקענע שפיטצעל מאכט א התחלה, דאן „ואפתח לכם כפתחו של אולם" עפין איך אייך פאנאנדער אייערע קברים. „רוח" לעבהאפט אין גאנצען איז שוין מיין ארבעט, נוטרעס? אויך מיינע! דען „והבאתי אתכם אל אדמת ישראל" אט װעט איהר האבען א אייגענעם לונג, א אייגענעם װשאלודאק מיט געדארים, אייער עסען פערדייען, ואכלתם אכול ושבוע, איר װעט האבען אפעטיט, אונ אויך װאס צו עסען. א אייגען רעזידענץ װידער, א אייגען טיש אונ קעסט. גענוג צו זיין א קינד אין יענעמס בויך ליגען! גענוג אין קבר זיין! „ונתתי רוחי בכם וחייתם, והנחתי אתכם על אדמתכם, וידעתם כי אני ה' דברתי ועשיתי" פון מיינער זייט בין איך געגרייט! —

אט אזא תחית המתים, תחית הלאום, האבען אונזערע יענע ברידער

בעקומען

געקומען, אין מִצְרַיִם, בָּבֶל, פָּרַס, רוֹם, אַשְׁכְּנַז אין יֶענֶע יָאהְרֶען, אונ אָפְשָׁר ?... אויך לֶעָתִיד! אָ, גִיבּ, גִיבּ גָאט!!!
אונ אִיהר עֶנְטְוָוערְט: אָמֵן!

---

# הטפה האחת עשרה לראשון דחג השבועות (תרנ"ו).

3208-טֶער יָאהְר פוּן קַבָּלַת הַתּוֹרָה. — אַ מֶענְשֶׁענ-פָּנִים אונ אַ אָקְסֶענ-פָּנִים וָואס אִין דֶער מֶרְכָּבָה. — אַ גְרוֹיס גְעזִיכְט אונ אַ קְלֵיינְס. — אַ'נ-אַנְדֶענְק אויף 800 יָאהר פוּן עֶרְשְׁטֶען קְרַייץ-צוּגֶע אִין יָאהר 4856 לב"ע.

מִיר הָאבֶּען הַיינְט גֶעלֶעזֶען דִי „מֶרְכָּבָה", וָועלְכֶע יְחֶזְקֵאל הָאט גֶעזֶעהֶן אִין בָּבֶל. אוּנְזֶערֶע חַכְמֵי הַתַּלְמוּד (חגיגה י"ג:) גֶעפִינֶען אִין דִיעזֶען נְבִיא'ס רֶעד אַ סְתִירָה: דֶען אִינ'ם עֶרְשְׁטֶען קַאפִּיטֶל רִיסֶעוָועט עֶר דִי פָארְם פוּן גָאטֶעס שְׁטוּהל מִיט דִי פִיגוּרִין 4 פָאטָאגְרַאפִישֶׁע בִּילְדֶער: מֶענְשׁ, לֶעוו, אָקְס אונ אַדְלֶער. אונ אִינ'ם 10-טֶען קַאפִּיטֶל זָאגְט עֶר: אַז כְּרוּב, אָדָם, אַרְיֵה אונ נֶשֶׁר זֶענֶען דִי פִיגוּרִין פוּנ'ם כִּסֵּא-הַכָּבוֹד ?! וַויא דֶערְקְלֶערֶען אוּנְז דִיעזֶעס מִיט אַ נַייֶעס אִין הִיסְטָארְיֶע: יְחֶזְקֵאל הָאט דֶערְזֶעהֶן דֶעם „שׁוֹר" אִין גָאטֶעס טְרָאהן, דַאן שְׁפְּרַאכְט עֶר: גָאט מַיינֶער! קֶען דֶען אַ פְּרִיקְאָרָאר, אַמֵלִיץ יוֹשֶׁר וָוערֶען ? דַאנְן — אַרְבֵּייט אִיהם גָאט אויף אַ „כְּרוּב" אִיבֶּער. נַאכְהֶער פְּרֶאגֶען דִי תַּלְמוּד'יסְטֶען דֶעם דַייטְשׁ פוּנ'ם וָוארְט „כְּרוּב", דָאס אִיז 2 וָוערְטֶער — אֶנְטְוָוארֶען זַיי — ד. ה. אַ נָאמֶען מִיט אַ כַּף-הַדִמְיוֹן, דֶען אויף כַּאלְדֶעאִישׁ-שְׁפְּרַאךְ זָאגְט מֶען אויף אַ קִינְד „רַבְיָא", כְּרַבְיָא הֵייסְט דָאס — אַ פִיגוּר וָוא פוּן אַ קְלֵיין קִינְד. אִיז שׁוֹין אִין גָאטֶעס כִּסֵּא-הַכָּבוֹד 2 בִּילְדֶער דָא: אַ פְּנֵי-אָדָם אונ אַ פְּנֵי-רַבְיָא, ד. ה. אַ פָאטָאגְרַאפִישֶׁעס בִּילְד אַ גָדוֹל אונ אַ קָטָן.

2 מָאהל „וְאָהַבְתָּ" אִיז דָא אִין אוּנְזֶער תּוֹרָה: „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ כָּמוֹךָ" אונ „וְאָהַבְתָּ אֵת ד' אֱלֹהֶיךָ". —

הִלֵּל-הַזָּקֵן אונ ר' עֲקִיבָא זָאגֶען אוּנְז: אַז דֶער עֶרְשְׁטֶער „וְאָהַבְתָּ" אִיז דִי צֶענְטְרַאלְנֶע פוּנְקְט פוּן כָּל הַתּוֹרָה כּוּלָהּ, דֶען מִיט דִיעזֶע „מֶענְשֶׁענ-לִיעבֶּע" הַאבֶּען זִיךְ גֶעצֵייכֶענְט אוּנְזֶערֶע אָבוֹת, אוּנְזֶער רַבֵּנוּ מֹשֶׁה, אוּנְזֶערֶע מְלָכִים, נְבִיאִים, תַּנָאִים, אֲמוֹרָאִים, גְאוֹנִים, חֲסִידִים אונ נְדִיבִים. זַיי הָאבֶּען יֶעדֶען גֶעזֶעצְט, יֶעדֶען גוּטֶעס גֶעטְהָאן. וָוער רֶעדְט יֶענֶעם בֶּעעַוְלָה'ן, דֶעם צְוֵוייטֶען פֶערְיָאגֶען, שְׁלָאגֶען, בֶּערוֹיבֶּען ד"ג — גָאט בֶּעהִיט! זַיי הָאבֶּען דֶערוֹיף צְוֵויי-

דריטעל

דריטעל תורה געשריבען, פיעל, פיעל ספרים געמאכט. די מצוות שבין-אדם-לחברו, דער „ואהבת לרעך" — פארנעהמט דער גרעסטער טהייל אין הלכה אונ אגדה, אין תורה שבכתב אונ בעל-פה, אין ספרים אונ תשובות. מדות-טובות, זיטטען-לעהרע זענען אין אונזער גאט'ס תורה דיא הויפט פרינציפען פון דער יודישער רעליגיע. מסכת אבות, מסכת דרך-ארץ דיא זענען אלס פאדער-בלאט צוא דער תורה. „דרך-ארץ קדמה לתורה" לערנען אונז אונזערע פראפעססארן. „אם אין דרך-ארץ אין תורה"! דיעזעס ענטהאלט אין זיך דער „ואהבת לרעך".

אט דערויף זאגען אונז די חכמי-התלמוד (אין יומא כח:) אז אברהם-אבינו האט כל התורה כולה מקיים געוועזען בעפאהר זי איז נאך אונז געגעבען געווארען. דען איבערהויפט האט זיך אברהם-אבינו אין דער תורה פון „ואהבת לרעך" געצייכענט, דען ער איז געוועזען דער מענשענ-בילד פון יושר, צדק, צדקה אונ גוטעס; ער האט קיינע עולה ניט געקענט פערלײַדען, ער האט אלע עלענדע שטיטצע געגעבען ז. וו.; אט ער הייסט „מענש", אט ער איז געוועזען א„אדם" הגדול בענקים, ער האט אויף זיין לעבען א טראפען אומזיסטע בלוט ניט פערגאסען, דען טאהן אזוינס קען נור א חיה, א טיגער, א לעוו, אבער ניט א„אדם"... א שור נעהמט אב די בינדעל גראז ביי דער שוואכער קוה אונ מיט דיעזען קראפט ווערט ער געטיטול'ט מיט דעם נאמען „מלך" על כל הבהמות; דער „אריה" איז מלך החיות — פאר זיין געזונטע לאפע; ד"ג דער „נשר" — מלך-העופות מיט זיינע שארפ-שפיציגע נאגעל. דער „מענש" אבער איז נור מלך אויף זיי אלעמען, גאטעס פליגעל-אדיודאנט, דער וועלט-גובערנאטאר אויף דער גאנץ נאטור. מיט זיין שארפ-זיניגען פערשטאנד, מיט זיין גוט-הערץ, מיט זיין ניט-גזל'נען ביין צווייטען, אונ מיט גוטעס טהאן אונ ליעבען אהבת-רע, מיט זיין שאטצען יעדעס גאטעס בעשאפניש, בפרט נאך דעם מין „אדם", דאן איז ער אויך א„אדם", ניט קיין „שור, אריה, נשר". אקסען-קאפ האט גאט בענוג אויף זיין וועלטעל! שטומע, נארישע אקסען נאטוראלנע; קיין אקס, בהמה בצורת אדם וויל ער גישט האבען... גראביטילעס-חיות, עופות-הדורסים האט ער אויך; ער בעדארף — א מענשען בצורת-מענש, א אדם הנברא בצלם אלהים, דען „חביב אדם שנברא בצלם", ער ליעבט אזוינס, ער בעדארף א„פני אדם" אויף זיין וועלט-טראהן, אין זיין כסא-הכבוד — האבען, דען „השמים כסאי והארץ הדום רגלי" — זאגט גאט —. אלזא דוא מענש, זאי א מענש! זאי א הויפס-ראטה (יועץ חצר המלך) אין מיין פאלאץ!

ורדו

„וּרְדוּ בִּדְגַת הַיָּם וּבְעוֹף הַשָּׁמַיִם", „תַּמְשִׁילֵהוּ בְּמַעֲשֵׂה יָדֶיךָ כֹּל שַׁתָּה תַחַת רַגְלָיו, צֹאנֶה וַאֲלָפִים כֻּלָּם וְגַם בַּהֲמוֹת שָׂדָי, צִפּוֹר שָׁמַיִם" וגו' . . .

ווי רִיכְטִיג אוּנ ווִיכְטִיג זֶענֶען יֶעצְט אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים'ס וֶוערְטֶער (יבמות ס״א.) „אַתֶּם קְרוּיִים אָדָם וְלֹא אוּמוֹת הַקַּדְמוֹנִים". ד. ה. אַז דִיא פָאַרִיגֶע אוּמוֹת דִיא אַזִיאַטֶען, דִי פְּרָאִים, זֶענֶען נִיט וֶוערְטְה צוּם טִיטוּל „אָדָם", דֶען זֵיי זֶענֶען נוּר „אַרְיֵה", נֶשֶׁר אוּנ ד"ג, אָבֶּער נִיט „מֶענְשׁ" . . .

זֶעהֶער לָאגִישׁ זָאגֶען זֵייא אוּנְז (שבת לא) „בְּשָׁעָה שֶׁמַּכְנִיסִין אָדָם לְדִין שׁוֹאֲלִין אוֹתוֹ נָשָׂאתָ וְנָתַתָּ בֶּאֱמוּנָה, קָבַעְתָּ עִתִּים לַתּוֹרָה", ד. ה. וֶוען מֶען פִירְט אַרַיין דֶעם מֶענְשֶׁען צוּ בֵּית-דִין-שֶׁל-מַעְלָה, דַאן פְרֶעגְט מֶען אִיהְם צִי הָאסְטוּ גֶעהַאנְדֶעלְט מִיט מֶענְשֶׁען רַאיֶעל? נַאכְהֶער פְרֶעגְט מֶען אִיהם הָאסְט'וּ עֶפִּיס גֶעלֶערֶענְט תּוֹרָה, חָכְמָה?

דִי זֶעלְבֶּע אַגָדָה שְׁטֶעהְט אוֹיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען אִין סַנְהֶדְרִין (דף ז') אָבֶּער עֶטְוָואס מִיט אַ פֶערְשִׁיעדֶענֶעם פָאַרַאדָאק: „אֵין תְּחִלַּת דִּינוֹ שֶׁל אָדָם אֶלָּא עַל דִּבְרֵי תוֹרָה", ד. ה. דֶער עֶרְשְׁטֶער וַואפְרָאס דָארְט — אִיז נָאר וֶועגֶען תוֹרָה (?!) —

דִיעזֶע הַארְבֶּע פְרַאגֶע הָאבֶּען שׁוֹין גֶעפְרֶעגְט דִי חַכְמֵי צָרְפַת, אִין תּוֹסְפֶת. דֶער אַנְטְוָוארְט אִיז נָאךְ אוּנְזֶער גֶעדַאנְק גָאר פָּשׁוּט אֵיינְפַאךְ — (דאָס הָאב איך געהארט פון מונד רבנו יעקב-יאָסעף ז"ל ווילנא'ר שטאָדט-מגיד אונ נאכהער, אָבער-ראבבינער אין נעוויאָרק) — דֶען דָארְט בַּייא בֵּית-דִין-שֶׁל-מַעֲלָה עֶרְקוּנְדִיגְט זִיךְ 2 וַואפְרָאסֶען: עֶרְשְׁטֶענְס דֶער נָאמֶען „אָדָם", 2-טֶענְס דֶער נָאמֶען „עִבְרִי". אִינְ'ם נָאמֶען „מֶענְשׁ" זֶענֶען אַלֶע אֶרֶענְטְלִיכֶע קְרִיסְטֶען, מַחְמַדַאנֶער אוֹיךְ אִין כְּלַל, דֶען דֶער וָואס שֶׁעצְט נָאר דֶעם צְוֵוייטֶענְס קָאפִּיטָעל, דֶעם צְוֵוייטֶענְס כָּבוֹד, יֶענֶעמְס גוּטְץ אוּנ הָאב, דֶעם צְוֵוייטֶען נִיט צוּ בֶּערַאבֶּעוֶוען, נִיט קֵיין עַוְלָה בֵּין אָדָם לַחֲבֵרוֹ טָהאן, דֶער הֵייסְט „אָדָם", דֶער הָאט שׁוֹין אַ טְהֵייל אִין בֵּיידֶע וֶועלְטֶען, דֶער אִיז שׁוֹין אַ אֶרֶענְטְלִיכֶער פַּאטְשָׁאטְנֶער טְשְׁלֶען אִין דֶער מֶענְשְׁלִיכֶער אָבְּשֶׁעצְטוָוא. וֶוען אָבֶּער עֶר אִיז אַ בֶּעטְרִיגֶער, אַ דִיבּ, אַ גַזְלָן, אַ מֶענְשֶׁענ-פְרֶעסֶער, דַאן אִיז עֶר דָאךְ נִיט „מֶענְשׁ", נוּר טְהִיר, חַיָה, בְּהֵמָה בְּצוּרַת אָדָם, אַרְיֵה, נֶשֶׁר, אָקְסֶענְקָאפּ, שׁוֹר ד"ג. — אַלְזָא אַם אָנְפַאנְג סוֹד דֶעם מֶענְשֶׁענְס — פַאנְגְט אָן יֶענֶע זַאסִידַאנֶיֶע מַאכֶען סְפְּרַאוְקֶעס וֶועגֶען זֵיין „טְשֶׁעסְנָא-פָאוֶועדֶענִיֶע", ווִי הָאט עֶר זִיךְ אוֹיפְגֶעפִיהְרְט מִיט דֶעם „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ", וָוארוּם אַז אוֹיבּ עֶר הָאט זִיךְ רַע בֶּעהַאנְדֶעלְט מִיט דֶעם רֵעַ, אִיז עֶר דָאךְ נִיט-קֵיין „אָדָם" נוּר אַ חַיָה רָעָה, דַאן אִיז פֶערְשְׁפָּארְט צוּ פְרֶעגֶען בַּיי אִיהם: „עָסַקְתָּ בַּתּוֹרָה", דֶען בֶּעדַארְף אַ חַיָה רָעָה לֶערְנֶען, זִיךְ בִּילְדֶען?... דַאן אִיז פַאר אַזַא בְּרִיָה אִין גֵיהִנָם אוֹיךְ קֵיין אָרְט, נַייעֶרְט, נָאר — אִין

וואלד

װאלד, אין מִדבָּר, וואו חַיּוֹת זֶענֶען, פֶערְיָאגְט פוּן מֶענְשֶׁען־חֶבְרָה...
נָאר װֶען עֶס עֶרְקוּנְדִיגְט זִיךְ אַז עֶר אִיז יָא אַ „אָדָם" גֶעװֶעזֶען, דַאן פַאנְגְט זִיךְ אָן דֶער 2־טֶער וואפְרָאס: „עָסַקְתָּ בַּתּוֹרָה"? אוֹיסֶער „מֶענְשׁ" בִּיסְט'וּ דָאךְ אוֹיךְ אַ יוּדִישֶׁער־מֶענְשׁ גֶעבָארִין, דוּ בֶּעדַארְפְסְט דָאךְ אוֹיךְ תּוֹרָה לֶערְנֶען? אַ יוּד אִיז דָאךְ נִיט קֵיין מַחְמָדַאן, קֵיין קַתָּלִיק?!..
אַלְזָא דִיקְטֶעוֶוען וָועהר לָאגִישׁ אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים, זַיי שְׁרַייבֶּען (שבת לא) אַז אִינְ'ם עֶרְשְׁטֶען וואפְרָאס וָועגֶען דֶעם נָאמֶען „אָדָם" קְלֶערְט מֶען דָארְט עֶרְקוּנְדִיגֶען אויב „נָשָׂא וְנָתַן בֶּאֱמוּנָה", עֶרְשְׁט נָאכְהֶער קְלֶערְט מֶען וֶועגֶען דָעם נָאמֶען „יְהוּדִי" ד. ה. וֶועגֶען דָעם „וְאָהַבְתָּ אֵת ד' אֱלֹקֶיךָ, וְשִׁנַּנְתָּם, וְלִמַּדְתֶּם, „עָסַקְתָּ בַּתּוֹרָה".
אִין מַסֶכְתָּ סַנְהֶדְרִין אָבֶּער לֶערְנֶען זַיי אוּנְז נָאר וֶועגֶען דֶעם צְוֵייטֶען טְהֵייל, דֶעם נָאמֶען „יְהוּדִי", דֶערוּם זָאגֶען זַיי, אַז הַגַּם צוּ דֶעם טִיטוּל גֶעהֶערִין אַלֶע מִצְוֹות וָואס בֵּין אָדָם לַמָּקוֹם, ווִי: שַׁבָּת, מַצָּה, תְּפִלִּין אד"ג, — אָבֶּער דֶערְהוֹיפְּט אִיז — „עָסַקְתָּ בַּתּוֹרָה", דָאס אִיז דֶער עֶרְשְׁטֶער וואפְרָאס וָואס בֶּעהֶער צוּ דֶעם נָאמֶען „יְהוּדִי". „אֵין תְּחִלַּת דִּינוֹ שֶׁל אָדָם" ד. ה. דָער עֶרְשְׁטֶער וואפְרָאס נָאךְ דֶעם עֶרְקוּנְדִיגֶען זִיךְ אַז עֶר אִיז שׁוֹין אַ מֶענְשׁ, דַאן אוֹיךְ אַ „יוּד", אַלְזָא פַאנְגְט זִיךְ אָן פוּן דִיעֶזֶען 2־טֶען טְהֵייל דָער עֶרְשְׁטֶער וואפְרָאס „קָבַעְתָּ עִתִּים לַתּוֹרָה".
יֶעצְט, בַּאנֶעהְמְט אִיהר שׁוֹין לִיעבֶּע לֶעזֶער, וֶוער אִיז „חַיָּה", „מֶענְשׁ" אוּנ „יוּד"! אִיהר בַּאנֶעהְמְט שׁוֹין וִוי וַוייט עֶס אִיז אַ חַיָּה אַ אַרְיֵה אוּנ אַ בְּהֵמָה אַ שׁוֹר פוּן אַ „פְּנֵי־אָדָם גָּדוֹל", אוּנ אוֹיךְ דֶער אוּנְטֶערְשִׁיעד פוּן אַ מֶענְשׁ צוּ אַ יוּד, פוּן „פְּנֵי־אָדָם קָטָן" „צוּ פְּנֵי־אָדָם גָדוֹל" „אַפֵּי רַבְרְבָא" אוּנ „אַפֵּי זוּטְרָא". וְדַי לַמֵּבִין!
מִיט 3208 יָאהר צוּרִיק הָאט דֶער וֶועלְט־שֶׁאפֶער זַיין „תּוֹרָה" מִיט בֵּיידֶע „וְאָהַבְתָּ'ס" גֶעגֶעבֶּען אִין דִיעזֶען טָאג (עי' מעשה אלפס ח"ד צד 39).
מִיט 3208 יָאהר צוּרִיק הָאט דֶער עֶווִיגֶער אִין דִיעזֶען טָאג דִי עֶרְשְׁטֶע בִּילְדוּנְג צוּ זַיין צֶלֶם אֱלֹהִים גֶעגֶעבֶּען, דִי ווִילְדְהַייט פוּן דִי אַזְיַאטִישֶׁע מֶענְשֶׁען פֶערְיָאגְט, בִּכְדֵי דֶער מֶענְשׁ זָאל אַ מֶענְשׁ זַיין, אוּנ פוּן „מֶענְשׁ" אַ „יוּד" וֶוערֶען, פוּן חַיָּה — אָדָם, פוּן פְּנֵי אָדָם־זוּטְרָא אַ אָדָם גָּדוֹל, אַ אַפֵּי־רַבְרְבָא בֶּעקוּמֶען.
נָאהֶענְד פוּן 3000 יָאהר זֶענֶען פוּן דֶעם טָאג פֶערְבַּיי. דִי וֶועלְט־בִּילְדוּנְג הָאט זִיךְ עֶנְטְוִוִיקֶעלְט אוּנ פֶערְגְרֶעסֶערְט, דִי יַאזִיצְנִיקֶעס זֶענֶען פֶערְשְׁוואוּנְדֶען גֶעוָוארֶען, דִי אֱמוּנָה מִיט דֶער צִיווִילִיזַאצְיֶע הָאבֶּען פְּלַיאצְן גֶענוּמֶען, אוּנ דִי מֶענְשֶׁענְהַייט?...
דִי מֶענְשֶׁענְהַייט — הָאט אַ „קְרֶעסְטְנָאי־פַאחָאטֶע" גֶעמַאכְט... אוּנ

אין

אִין דִיעזֶען טָאג גְרַאדֶע, מִיט 800 יָאהר צוּרִיק הָאט מֶען אַ עֶקְזַאמֶען גֶעהַאלְטֶען גֶעגֶען בְּלָאהֶען הִימֶעל, גֶעגֶען גָאטֶעס טְרָאהן, הַשָּׁמַיִם-כִּסְאִי.

אִין דִיעזֶען טָאג אוֹיךְ מִיט 248 יָאהר צוּרִיק אִין גְזֵירַת ת״ח, הָאבֶּען דִי אוּקְרַיינֶער-אָקְסֶען זֶעלְבֶּע טִירַאנִישֶׁע שְׁטִיק בַּאוִויזֶען, אַזוֹי אַז מֶען גְלוֹיבְּט שׁוֹין גָאר נִיט אַז אַ מֶענְשׁ זָאל קָאנֶען אַ מְקַבֵּל-הַתּוֹרָה זַיין! אַז אַ מֶענְשׁ זָאל אַ מֶענְשׁ קָאנֶען זַיין! — אִין דִיעזֶען טָאג אִין דֶער מִיטְטֶעל-אַלְטֶער הָאט מֶען גֶערַאבֶּעוֶועט, גֶעפְּרֶעסֶען מֶענְשֶׁענ-פְלֵיישׁ, דִי קְרַייצְצוּגֶע הָאבֶּען אַ עֶוִויגֶע שַׁאנְדֶע אוֹיף דֶער וֶועלְט-הִיסְטָארְיֶע גֶעקְרִיצְט. —

טָא וָואס זָאל מֶען פוּן אַ זֶעלְכֶע פֶּערְלַאנְגֶען פְרַאגֶען: „קָבַעְתָּ עִתִּים לַתּוֹרָה“? וִויא זַייט אִיהר אִינ׳ס „וְאָהַבְתָּ אֵת ד׳ אֱלֹהֶיךָ“? הָאט דֶען אַ אַרְיֵה אַ אֱמוּנָה אַ גְלוֹיבֶּען?... אַז דֶער „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ“ אִיז נִיטָא אִיז שׁוֹין פֶערְשְׁפָּארְט דֶער 2-טֶער „וְאָהַבְתָּ“!...

לְסוֹף בֶּאקְלֵיידֶעט זִיךְ דֶער אַרְיֵה אִין אַ שֶׁעפְּסִינ-פֶעל אוּנ שְׁרַייט נָאךְ, אַז עֶר טְהוּט דִיעזֶעס נָאר לְשֵׁם-הָאֱמוּנָה, לְשֵׁם-שָׁמַיִם... גֶעפֶעלְט אַייךְ דִיעזֶע „בְּרִיָה-מְשׁוּנָה“?!...

אַ בִּיטֶערֶער גֶעלֶעכְטֶער אִיז צוּ זֶעהן וִויא דִיא לָאנְדָאנֶער בִּישָׁאפִים פוּן חֶבְרָה „ס״ט — יֶעקַאטֶערִינָא“, דִיא אֵיינִיקְלֶעךְ פוּן דִיא שְׁפַּאנְיֶער זִיטְצֶען בַּייא הַיינְטִיגֶען טָאג אִין זַייעֶר קְלֶאסְטֶער וָואס אִיז גֶעשְׁטֶעלְט גֶעוָוארֶען אוֹיפ׳ן בַּארְג סִינַי, זַיי פְּרַאוֶוען תְּפִלּוֹת פוּנ׳ם אַלְטֶען פְּסַאלְטִירְל אוּנְזֶער זֵיידֶען דָוִד׳ס, אוּנ פוּן דֶער תּוֹרָה, וֶועלְכֶע אִיז אוֹיף יֶענֶעם אָרְט גֶעגֶעבֶּען גֶעוָוארֶען... פוּן „וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ“ — אוֹי! נִיט זַיי הַאלְטֶען נִיט זַיי גְלוֹיבֶּען, הַיינְט וָואס נוּצְט דֶער תְּהִלִּים?...

דֶערוֹיף זָאגְט דֶער גְרוֹיסֶער מַאנן רַבִּי יְהוֹשֻׁעַ בֶּן לֵוִי (אבות פ״ו) „בְּכָל יוֹם וָיוֹם בַּת-קוֹל יוֹצֵאת מֵהַר-חוֹרֵב וּמַכְרֶזֶת וְאוֹמֶרֶת אוֹי לָהֶם לַבְּרִיּוֹת מֵעֶלְבּוֹנָהּ שֶׁל תּוֹרָה שֶׁכָּל מִי שֶׁאֵינוֹ עוֹסֵק בַּתּוֹרָה נִקְרָא נָזוּף שֶׁנֶּאֱמַר נֶזֶם זָהָב בְּאַף חֲזִיר אִשָּׁה יָפָה וְסָרַת טָעַם“. ד. ה. אִין יֶעדֶער טָאג וֶוען אִיךְ הֶער פוּן דֶער וַוייטֶענְס דִיא שְׁטִימֶע פוּן דִיעזֶע תְּהִלִּים-זָאגֶער, קְלִינְגְט מִיר אָפּ אֵיינֶע זִוידֶער-הֶעלְלֶע וָואס שְׁרַייט: וֶועה אִיז צוּ זֶעלְכֶע לַייט וָואס הֵייסֶען נִיט מִיט דֶעם נָאמֶען „אָדָם“ נַייעֶרְט — „בְּרִיָה“, אַרְיֵה בְּצוּרַת אָדָם, פְּנֵי-אַרְיֵה, נֶשֶׁר ד״ג, וָואס טְרָאגֶען נָאךְ אוֹיף זִיךְ אַ מַאסְקֶע פוּן „חֲסִידִים“, פוּן פְּנֵי-אָדָם, אַפִּי-רַבְרְבָא?! אַז זַיי פֶערְשֶׁעמֶען דִי תּוֹרָה, אוּנ הַאלְטֶען נִיט פוּן סִינַי מִיט אִיהר תּוֹרָה-הַקְדוֹשָׁה? זָא וִוי אַ ד״א וָואס שְׁנָארֶעט מִיט זַיין פִּיסְקֶעל אִין בְּלָאטֶע, אַז וֶוען מֶען זָאל אִיהם דֶער צוּ נָאךְ אַ נָאז-בַּאנְד אַ גָאלְדֶענֶעם אָנְקְלֵיידֶען דַאן וֶועט דִיעזֶער תַּכְשִׁיט נָאךְ פִיעל שָׁאדֶען מֶעהר אָנְטָאהן, אִין זוּמְפְּף טִיעפֶער

ווערט

וָועט עֶר גְרָאבֶּען. זָא טְהוּעֶן יֶענֶע לַייט פִּיעל שָׁאדֶען-אָן מִיט זֵייעֶר מַאסְקֶע פוּן אֱמוּנָה! . . . זָא וִויא אַחְיָה הָאט מֶען זֵיי פוּן יִשׁוּב בֶּעדַארְפְט פֶערְיָאגֶען, אִין וַואלְד אִיז פַאר זֵייא אַ-נְ-אָרְט אָבֶּער נִיט צְווִישֶׁען "מֶענְשֶׁען"! וִוי קוּמְט אִיהר אוֹיפ'ן בַּארְג-סִינַי צוּ זִיטְצֶען? אוֹיף דִיעזֶער וֶועלְט-קַאפֶּעדְרָא? . . . בֶּעפּוּצְט נָאר אוֹיסֶערְלִיךְ, אַ שֵׁיין דַאמְמֶע אוֹיסֶערְלִיךְ, אָבֶּער עֶס פֶּעהְלְט גֶעשְׁמַאק, סִימְפַּאטְיֶע, יוֹשֶׁר, מֶענְשׁ! . . .

נָאר — חַס-מִלְהַזְכִּיר אוּנְז צוּ גְרוֹיסֶען זִיךְ אוּמְזִיסְט, זָאגֶען אַז מִיר זֶענֶען שׁוֹין גָאר יוֹצֵא פַאר אוּנְזֶער צֶלֶם-אֱלֹהִים! חַס-וְשָׁלוֹם אוּנְז צוּ בֶּערִיהְמֶען זִיךְ אוּמְזִיסְט, זָאגֶען אַז מִיר זֶענֶען בֶּאֱמֶת אַלֶע מָאהל אַ-נְ-עַם-הַנִבְחַר אַ "פְּנֵי-אָדָם-גָדוֹל", אַ "אַפֵּי-רַבְרְבָא", דֶען עֶס אִיז גֶעוֶוען גַאנְצֶע פֶערְיָאדֶען אִין אוּנְזֶער הִיסְטָארְיֶע וָואס מִיר הָאבֶּען אוֹיךְ נָאר דֶעם טִיטוּל "בְּהֵמָה-בְּצוּרַת-אָדָם" גֶעהַאט . . . וִויא דֶער נָבִיא יְשַׁעְיָה זָאגְט: "יָדַע שׁוֹר קוֹנֵהוּ-יִשְׂרָאֵל לֹא יָדַע עַמִי לֹא הִתְבּוֹנָן". וִוי אִין גָלוּת-בָּבֶל זֶענֶען מִיר זָא פִּיעל פֶערְדָארְבֶּען גֶעוֶוען, אִין כַּארַאקְטֶער, אִין זִוִיבֶּער-לֶעבֶּען (טהרת-משפחה) אַז מֶען הָאט גֶעאַסְסִימִילִירְט, גוֹי'עֶשֶׁע פְרוֹיֶען גֶענוּמֶען, דֶעם "וְאָהַבְתָּ לְרֵעֲךָ", אֲפִילוּ פוּן פְרוֹי, נִיט גֶעהִיט, שַׁבָּתִים — מְחַלֵל גֶעוֶוען, א. ד. ג. זִיךְ אוֹיף גַאנְץ תּוֹרָה פוּן אַהֲבַת-ה' פֶערְגֶעסֶען. —

אֱמֶת, ח"ו קֵיינֶע מֶארְדֶער קֵיינֶע אַרְיֵה, נֶשֶׁר, דֶעם צְווֵייטֶענְס בְּלוּט פֶער-גִיסֶען — גָאט בַּאהִיט! אָבֶּער אַ "פְּנֵי-שׁוֹר" הָאט מֶען בֶּעקוּמֶען, דֶעם צֶלֶם-אֱלֹהִים, דֶעם "פְּנֵי-אָדָם" אָנְגֶעוָוארֶען . . .

דַאן הָאט דֶער נָבִיא יְחֶזְקֵאל דֶערוֹיף גָאט גֶעבֶּעטֶען עֶר זָאל אִיהם צוּ הִילְף זַיין, מִיט עֶזְרָא-הַסוֹפֵר אוּנ דִי כְּנֶסֶת-הַגְדוֹלָה אַלֶע זֵיי עֶטְוָואס אוֹיף "מֶענְשׁ" בִּילְדֶען; דָא הָאבֶּען זֵיי דִי בְּנֵי-יִשְׂרָאֵל לְעֵת-עַתָּה פַאר אַ "אַפֵּי-זוּטְרָא" חָאטְשׁ גֶעמַאכְט, דֶער "שׁוֹר" אִיז אַ "אָדָם" מִיט מַזָל גֶעוָוארֶען! אָבֶּער נִיט אַ פָאלְגֶער פָאלְקָאמְמֶענְדֶער אָדָם, נִיט קֵיין "אַפֵּי-רַבְרְבָא" נוּר אַ-נְ-אַפֵּי-זוּטְרָא", אַ קְלֵיין מֶענְשֶׁעלֶע אִיז ר' יִשְׂרָאֵל, וואוּ נֶעהְמְט מֶען גְדוֹלִים אַפֵּי-רַבְרְבָא? בְּנֵי-עֲלִיָה זֶענֶען זֶעהר וֶועניג? "כְּרַבְיָא" וִוי אַ קִינְד זֶענֶען אוּנְזֶערֶע פְּנֵי-הַדוֹר, "כִּי נַעַר יִשְׂרָאֵל — וּמִמִצְרַיִם קָרָאתִי לִבְנִי". "וּכְרַבְיָא נְהִיוּ בְּצֵאתָם מִבָּבֶל", אוּנ עַד הַיוֹם אִיז פֶערְבְּלִיבֶּען "קָטֹן" יַעֲקֹב וָדָל. דֶער נוֹתֵן-הַתּוֹרָה וֵוייסְט, וֶוען וֶועט דִי תּוֹרָה אִין גַאנְצֶען אִיר גְלַאנְץ אוֹיף דֶער גְרוֹיסֶער וֶועלְט בִּכְלַל אוּנ אוֹיף דֶעם מֶענְשֶׁענ-בִּילְד בִּפְרַט — גֶעבֶּען! וֶוען וֶועט שׁוֹין מְקוּיָם וֶוערֶען "וְגָר זְאֵב עִם כֶּבֶשׂ וְנָמֵר עִם גְדִי יִרְבָּץ"? וֶוען וֶועט שׁוֹין פוּן פְּנֵי-אַרְיֵה אַ שׁוֹר וֶוערֶען, אוּנ פוּן שׁוֹר אַ כְּרוּב, אוּנ פוּן כְּרוּב אַ פְּנֵי-אָדָם אַפֵּי רַבְרְבָא; כִּי תִמָּלֵא הָאָרֶץ דֵעָה אֶת ד' — וְעַל דְמוּת הַכִּסֵא דְמוּת כְּמַרְאֵה אָדָם עָלָיו!!! מָתַי, מָתַי?! בב"א.